# דער יוד

# DER JUDE

ציטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא. ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פירטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.

קראקויא, השון תרס״ב. — נומר 42. — Krakau, 24 October 1901.


## אינהאלט.



### ה. תרס״ב ← וואכענ-קאלענדער (לוח) → 1901

| די טעג פון חודש | וואך | | פאזדזיערניק-אקטאבער | נייער ס. אקט. | אלט. ס. דעק. |
|---|---|---|---|---|---|
| י״ד | זונטאג | | | 27 | 13 |
| ט״ו | מאנטאג | | | 28 | 14 |
| ט״ז | דינסטאג | | | 29 | 15 |
| י״ז | מיטוואך | | | 30 | 16 |
| י״ח | דאנערש. | | | 31 | 17 |
| י״ט | פרייטאג | | (נאוועמבער | *1 | 18 |
| כ | שבת | פרשת וירא | | 2 | 19 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| יד | ה. ש״פ | זענען פראגער יודען ניצל געווארען אין 30-יעהריגער קריעג. |
| טו | ג. תשנ״ח | האט הורדוס פערברענט מתתיהו כה״ג און זיין סגן יהודה. |
| טז | ה. תקנ״ד | געשטארבען ה״ר יצחק תאומים פרענקעל ברעסלא׳ר רב. |
| יז | ה. שצ״ב | „ ה״ר שמעון וואלף אויערבאך פראגער רב. |
| „ | ח. תקצ״ז | „ אין לעמבערג ה״ר מרדכי זאב אורינשטיין. |
| יח | ה. קפ״ח | האט די מלכה יאהאננא אויסגערויבט די יודען אין נעאפעל. |
| „ | ה. הע״ב | געשטארבען ה״ר נפתלי הירץ אשכנזי רב אין לעמבערג. |
| יט | ה תקצ״א | „ ה״ר נפתלי יצחק סג״ל אין לעמבערג. |
| כ | ה. תמ״ח | „ ה״ר משה קרעמער רב אין ווילנא. |
| כ | ה תרכ״ט | „ ה״ר מאיר ברלין רב אין מאתילעוו. |


## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין לאנדאן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין אמעריקא:
R. Kantorowitz, 4 Rutger Str. New-York

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער ציטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

## ☞ !שפאט-ביליג ☜

2 יאהרגענגע (1899 און 1900) לאַנדאָנער אילוסטרירטע צייטונג

## „פּיפּיפּאַקס“

85 נומערן קאַמפּלעט (1356 זייטען גרויסע פאָרמאַט), פול: סאַטירא, וויטץ, הומאָר מיט קאַריקאַטורען, אַנעקדאָטען, שפּריכע, ליעדער (דאַרונטער אויך פון בעריהמטען מאָריס ראָזענפעלד), ראָמאַנען, גרויסע און קליינע ערצעהלונגען, סקיצען און ארטיקלען פערשיעדענען אינהאַלטס. אַ מאַסע גוטע, אינטערעסאַנטע און אַנגענעהמע לעזעשטאָף אויף אַ גאַנצען ווינטער, צו פערברענגען ניטצליך און פערגניגט די לאַנגע אָבענדען. פּרייז אַנשטאַט 10 רובל — נור 3 רובל מיט פּאָרטאָ. עס איז געבליבען אַ קליינע צאָהל עקזעמפּלאַרען, דאַרום אָהן ראַבאַט זאָגאַר פיר בוכהענדלער, וכל הקודם זכה!

Книжный магазинъ Б. Шейнфинкеля
Варшава, Рымарская 3.

---

**ДЕШЕВАЯ ОБСТАНОВКА за 13 РУБЛЕЙ!!!**

| | |
|---|---|
| 2 столика угловыхъ для цвѣтовъ | за 3.50 |
| 6 обхватовъ металлическихъ | „ 3.— |
| Вѣшалка для полотенца | „ 1.50 |
| Пара консоликовъ для фигуръ | „ 1.50 |
| Металлическая вѣшалка для одежды | „ 1.20 |
| Этажерка для газетъ (Gazetenhalter) | „ 2.30 |
| | Итого 13 р. |

Высылаю налож. плат. задаткомъ 6 руб.

Адресъ: **О. Л. Берковичу, Варшава**
Дикая улица 38.

---



**Оптическій и хирургическій складъ**
И. ПИКЪ
Налевки 35, въ Варшавѣ.



עמפּפעהלט צו פאַבריקס פּרייזען ברוכבענדער עלעקטרא-יאלוואנישע וועלכע היילען גרינדליך דעם שווערסטען ברוך, לייבבענדער, בויכבענדער פיר פרויען עלאַסטישע זאָקען פיר געשוואָלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאַנישע גלעזער וועלכע די אייגענשאַפט בעזיצען די אויגען צו שטערקען, אויך פערשיעדענע כירורגישע און אפּטישע געגענשטענדע פיר קראַנקע, ברוכבענדער ווערדען צוגעפּאַסט דורך איינען ספּעציאַליסטען.

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידערן און נייהען אין אַ קורצע צייט דורך בריעף אין זשאַרגאָן, רוסיש אין דייטש. די מעטאָדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. ניט זוימט אין פרעגט אָן ביי:

Варшава, Госпожѣ Берсѣ Найдичъ

---

צוקערניע ש. שפּינעלנלאָז
וואַרשאַ, נאַלעווקי Nr. 10

(פאַרמאַלס איגנעלזאָהן), וועלכע עקזיסטירט זייט 18 יאהר. פון דער צייט און זייט איך האָב זי איבערגענומען אונטער מיינע „אויפזיכט האָב איך פיעל פערבעסערונגען איינגעפאָר-רענט. ריין, כשר, ביליג, בעשטעלונגען ווערען פּינקטליך אויסגעפיהרט, היער און אויף דער פּראָווינץ. פּיעלע ראַנקען בריעפליך אויך מינדליך.

די צוקערניע בעזיצט 24 נ״ו:
צום לעזען.

---

סטעמפּעל גראַוויר
און חתימות
גום און ביליג פערפער-
טיגע

**М.А.СЛОБОДСКІЙ**

Варшава
Гуся 5.

---

## די בוכהאלטונג

קורזוס שלם עם כל ההוספות בשפת רוסיא או זשארגאן במחיר נמוך. פ״פ ומכתב למבחן ישלח חנם

מורה הבוכה׳

С. Л. Гельфандъ, Кіевъ
Деміевка.

---

## שירי ציון

נאָטען צו 2 ציוניסטישע ליעדער: „ציון ציון“ און „נס ציונה“ פיר 4 שטימען (קווארטעט) מיט סאלא. אייך לייכט צו שפּיעלען אויף פּיאַנאָ און פיר 1 אָדער 2 שטימען מיט פּאַנאַבעגלייטונג. פּ-ייז מיט פּאָרטאָ 65 קאָפּ׳. וועלכע קויפען 5 עקז׳ און מעהר בעקומען ראַבאַט.

אדרעס דעם אויטאָר:

Дирижору Хоральной синагоги Ц. Бруну, Николаевъ.

צו בעקומען אויך ביי:

Изд. Ахіасафъ, Варшава.

---



די בעוואוסטע פאַבריק פון גילזען מאַ-
X. Риценбергъ, Варшава, שינען
Дикая 44. ווירד פון 1-טען אָקטאָבער
Новолипье 20. איבערגעטראגען אויף

---

ניי ערעפענטע יורישע קאנדיטאריי פון

## געברידער קאַטליצקי,

וואַרשאַ. נאַוואַליפּקי 8.
(„האָטעל ראַססיא“)

נעהמט אויף בעשטעלונגען אויף צוקער-געבעקס, קאָנפעקטען, מאַראַזעננאַע טאָרטין, צעקאָלאַדען, קרעמען א. ז. וו. אויף האָכצייטען און בעלער היער און אויך ארויסצושיקיין אויף דער פּראָווינץ

צו מעסיגע פּרייזען.

---

דאַנטיסט

## בערלין - קרופּיצקי, וואַרשאַ

נאַלעווקי נו׳ 7

ספּעציאַליטעט-קינסטליכע צאָהנע קאַראָנען און בריקען ארבייט (אָהנע גומען).

!!רעפּערירט אין 2 שטונדען !!

---

**ВНИМАНІЮ!!!**

поставщиковъ съѣстныхъ припасовъ для войскъ, попудная и повагонная продажа разныхъ малосольныхъ и копченныхъ рыбъ, какъ-то: судакъ малосольный и сухой, вобла, сопа, снитки, тарань, чиконъ, и проч. высылаетъ наложеннымъ платежомъ

**А. Г. Сельцовскій**
Варшава, Купеческая 11.

---

## סוחרים! מוכרים!

איך קויף צו יעדער צייט „מוטערקאָרן“ (Рожки, Шпорь) „שפּאָ-נירפליענען, „לוקאָפּאָר“ און צאָהל דעם גרעסטען מקח.

D. ANDERMAN, BRODY (Austria).
Д. АНДЕРМАНЪ въ БРОДЫ (Австрія).

---

## שפּיגעל-פאַבריק

## ל. אידעלזאָהן, וואַרשאַ

רימאַרסקא נו׳ 10

עמפּפעהלט זיין גראָססעס לאַגער פאָן פערשיעדענע שפּיגעל, שפּינעלנלאָס, טרעמאָשפּיגעל או״וו.

— פערקויף ענגראַ עט דעטאַיל. —

---

!וויכטיג פאר ציוניסטען

# ציוניסטישע ליעדער מיט נאטען

1) נחנו עדים; 2) דגל יהודה; 3) דר. הערצלס מאַרש; 4) עוד לא אבדה תקותנו, די מוטער פּאַלעס-טינא, שם במקום ארזים, על נהרות בבל, צוריק אַהיים.

פּרייז פון יעדען נומער אַ 1 שילינג, 60 קאָפּ׳ מיט פּאָרטאָ.

---

:זאָעבען ערשיענען אַ נייעס בוך

## קעניג הורדוס

פון דר. י. לאנדא

היסטאָרישע דראַמע אוים דער צייט פון בית שני. פּרייז 9 פּענס 20 סענט 40 קאָפּ׳.

:הויפּט פערקויף אין רוסלאַנד ביי

פערלאַג „אחיאסף“ וואַרשאַ און פערלאַג „תושיה“ וואַרשא.

אין ענגלאַנד ביים פערלעגער

**Raphael Mazin London N. E. Old Montague Str. 100.**

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 42

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעססען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

Krakau, 24 October 1901. 42. נומר קראקויא, חשון תרס"ב.

## די באנק איז געעפענט.

די אסיפה פון דעם אקציאנסקאמיטעט, פון די דירעקטארען און פון דעם קאמיטעט פון די משגיחים, וואס איז געוועזן דעם 9-טען אקטאבער אין וויען, האט בעשלאססען שוין איצט צו עפענען די יודישע קאלאניאלבאנק. די באנק פערמאגט שוין דעם נייטהיגען קאפיטאל, מיט וועלכען זי האט דאס רעכט לויט די ענגלישע געזעצען אנצוהויבען פיהרען איהרע געשעפטען. דער טאג, ווען די באנק וועט ווערען געעפענט, וועט אין גיכען בעשטימט ווערען. דער טאג פון דעם עפענען דארף אומעטום געפייערט ווערען, דען דער דאזיגער טאג דארף זיין א יום־טוב פאר אונזער גאנצעם פאלק. מיט דעם טאג, ווען אונזער באנק וועט ווערען געעפענט, הויבט זיך אן א נייע צייט אין אונזער נאציאנאלער בעוועגונג, וועלכע קריגט א פעסטערען און זיכערען יסוד.

די באנק איז א אינסטיטוציאן, וואס איז געשאפען געווארען ניט פון איינצעלנע מענשען, ניט פון איינצעלנע מנדבים, נאר פון דעם גאנצען פאלק. זינט די יודען זענען אין גלות האבען מיר צום ערשטען מאל זוכה געווען, עס זאל געשאפען ווערען א אינסטיטוציאן, וועלכע זאל פעראייניגען אין זיך אזוי פיעל מענשען, און וועלכער עס זאלען טהייל נעהמען די יודען פון אלע מלוכות אין דער וועלט און וועלכע זאל געגרינדעט ווערען דורך א פריהערדיגען בעשלום פון דעם פאלק. יא, מיט רעכט קענען מיר זאגען, אז די באנק איז געשאפען געווארען פון יודישען פאלק, דען אין איהר גרינדונג האבען זיך בעטהייליגט אלע יודען, וואס גלויבען אין דעם קיום פון יודישען פאלק אין דער איצטיגער און אין דער קומענדיגער צייט. די באנק איז געגרינדעט פון דעם פאלק און פאר דאס פאלק. די באנק איז ניט צוליעב רוחים פאר די אקציאנערען, נאר כדי צו שאפען קאפיטאלען, מיט וועלכע מען זאל קענען שטיצען אונזער נאציאנאלע בעוועגונג. די באנק איז נור א געלד־מיטעל פאר דעם הויכען ציוניסטישען אידעאל, וואס לעבט אין דעם הארצען פון דעם יודישען פאלק פון דור דורות אן. די באנק וויל ניט מעהר און ניט וועניגער ווי מיטצוהעלפען דעם ציוניזם צו שאפען פאר דאס יודישע פאלק איין מקום־מנוחה אין אונזער אלטען הייליגען לאנד.

די באנק וועט שוין דורך איהר הוילען קיום אליין אומעטום שטארקען דאס יודיש נאציאנאלע געפיהל, זי וועט אומעטום שטארקער אויפבלאזען דעם פונק יודישקייט, וואס ליגט בעהאלטען אין יעדען יודישען הארצען, ווייל זי וועט שטענדיג רעדען אהן מליצות און נור דורך איהרע פראקטישע מעשים פון דער יודישער ארבייט, פון דעם יודישען פאלק און דער יודישער צוקונפט. זי וועט ווערען א מעכטיגע קראפט אין אלע זייטען פון יודישען לעבען.

די באנק וועט שאפען נייע און פעסטע יסודות פאר די ציוניסטישע בעוועגונג, וועלכע וועט מעהר ניט אבהייגען פון די חברות און פון דער שטארקערער אדער שוואכערער אניטאציאן. מיט דער באנק הויבט זיך אן פאר אונז אין ציוניזם א אמת'ע רעעלע פאליטיק, וואס שטעלט זיך פאר איהרע אויגען פראקטישע ציעלען. די באנק איז ניט עפיס קיין מין מליצה, וואס מען וועט קענען אב'פטר'ן מיט א ווארט, דאס איז עפיס א ממשות'דיגע זאך מיט פעסטע תקנות, מיט קאפיטאלען, מיט בעשטימטע פ־אקטישע פלענער, מיט א בעשטימטע הנהגה, — און מיט דעם אלעם וועט זיך מוזען רעכענען די גאנצע יודישע וועלט. זענענדיג בעשטעטיגט פון דער ענגלישער רעגירונג און שטעהענדיג אונטער איהר השגחה וועט די יודישע באנק קריגען די רעכטע פון א אפיציעלער אינסטיטוציאן. דורך דעם ווערט די באנק די שטענדיגע אפיציעלע פערטרעטערין פון דער ציוניסטישער פארטיי, וועלכע קען אין דעם נאמען פון ציוניזם אריינטרעטען אין פערהאנדלונגען מיט רעגירונגען, זיך משתדל זיין וועגען קאנצעסיעס, לגאטעס און רעכטע פאר די יודען אין ארץ ישראל. דורך די באנק זענען אויך געזיכערט אונזערע קאנגרעסען און אונזער גאנצע ארגאניזאציאן, דען די שטענדיגע פראקטישע ארבייט פון דער באנק אליין וועט שוין דורך איהר קראפט קענען אויפהאלטען די גאנצע בעוועגונג. פון איין זייט וועט די ארבייט פון דער באנק ארויסרופען די נייטהיגקייט פון די קאנגרעסען און דער ארגאניזאציאן, און פון דער אנדער זייט וועט די ארגאניזאציאן געשטארקט ווערען דורך די מעגליכקייט שטענדיג צו האבען מיטלען פאר די דורכפיהרונג פון די ציוניסטישע ציעלען. עס איז דאך גאנץ זיכער, אז די באנק וועט ארבייטען ניט נור פאר דעם הויפטציעל, וועלכעס עס שטעלט זיך די ציוניסטישע בעוועגונג, נאר דאס זי וועט זיך אברופען אויך אויף איטליכע אנדערע יודישע ארבייט, וועלכע קען דינען דעם ציוניסטישען אידעאל.

מיט דער גרינדונג פון דער באנק קענען מיר שטאלץ זיין. דאמיט האבען מיר אין דער אמת'ן עפיס אויפגעטהון. מיט צופרידענהייט קענען מיר ווייזען אויף אונזער באנק ווי אויף א רעזולטאט פון אונזער דריי־יאהריגער ארבייט. די גרינדונג פון דער באנק האבען מיר צו פערדאנקען

ניט די רייכע און גרויסע יודען, נאָר דער גרויסער מאַסע פון די קליינע אָרימע יודען. וואָס האָבען דורך קליינע סומען צוזאַמענגעשטעלט דעם גרויסען קאַפּיטאַל פון 2½ מיליאָן רובל. דער גרויסער רוב פון די אַקציאָנערען בעשטעהט פון אַזוינע, וואָס האָבען געקויפט נור צו איין אַקציע און דאָס נאָך אויף אויסצאָהלען. יעדער אַקציאָנער דאַרף זיך האַלטען פאַר גליקליך, דאָס ער האָט מיט זיין קליינער סומע געהאָלפען אויפבויען דעם גרויסען בנין, וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען "די יודישע קאָלאָניאַלבאַנק".

די גרינדונג פון דער יודישער באַנק ווייזט אונז, ווי וויכטיג און גרויס עס איז די פעריינינגטע אַרבייט פון אַ כלל. אין די יאָהרען פון חבת ציון האָט מען יאהרען לאַנג געאַרבעט און אגיטירט פאַר די גרינדונג פון אַ יודישער קאָלאָניאַלבאַנק מיט נאָר אַ קליינעם קאַפּיטאַל. מען האָט דעמאָלט פאַר די פּראָיעקטירטע באַנק געוואונען פראַנצויזישע באַנקהייזער, אָבער קיין אַקציאָנערען האָט מען ניט געקאָנט געפינען און די אַרבייט האָט זיך אויסגעלאָזען מיט נאָר נישט. — און איצט אין משך פון דריי יאָהר האָט מען ביי די אָרימע יודען פון די מזרח-לענדער, ניט קוקענדיג אויף דעם הונגער אין רוסלאַנד, אויף די רדיפות אין רומעניען און אויף די נויט אין גאַליציען, צונויפגעקליבען 2½ מיליאָן רובל. די שטאַרקע בעוועגונג, וואָס האָט צוגעצויגען צו אונזער אַרבייט אַ גרעסערען טהייל פון יודישען פאָלק, האָט דורכגעפיהרט די גרינדונג פון אונזער באַנק אָהן די הילף פון די באַנקירען, אָהן די רייכע און אָהן די גרויסע פירמעס.

אין דער אַרבייט פאַר די באַנק האָבען ניט אַלע ערפילט זייער חוב צום פאָלק. ווען יעדער יוד וואָלט ערפילט דעם חוב, וואָס ליגט אויף איהם, דאַן וואָלט אונזער באַנק געקאָנט געעפענט ווערען מיט אַ פיעל גרעסערען קאַפּיטאַל ווי איצט, און אונזער אַרבייט וואָלט דורך דעם געקאָנט ווערען פיעלפאַכיגער. אָבער אונזערע רייכע, וועלכע מען האָלט אומעטום פאַר די "פּני", האָבען זיך ניט אָבגערופען אויף די בעוועגונג פון אונזער פאָלק און ניט טהייל גענומען צוזאַמען מיט אונז אין דער אַרבייט ביי דער גרינדונג פון דער באַנק. אויף זיי פאַלט די שולד, וואָס אונזער באַנק ווערט געעפענט ניט מיט דעם גאַנצען פּראָיעקטירען קאַפּיטאַל, נאָר מיט אַ טהייל פון איהם. מיר האָפען אָבער, אַז די געזונטע אַרבייט פון דער יודישער באַנק וועט מיט דער צייט צוציהען צו זיך וויטערע טהיילען פון יודישען פאָלק. און אַז קיין איינציגער יוד וועט ניט אָבשטעהן פון דער אַרבייט פאַר די באַנק, וועלכע וויל מיטהעלפען דעם ציוניזם אין דער דורכפיהרונג פון זיין ציעל. די באַנק, האָפען מיר, וועט ניט לאַנג בלייבען נור ביי דעם איצטיגען קאַפּיטאַל. דורך איהר אַרבייט וועט די באַנק שאַפען פאַר זיך אַלץ נייע קאַפּיטאַלען: די פאַרזיכטיגקייט, מיט וועלכער זי וועט געפיהרט ווערען, וועט זי אָבהאַלטען פון ריזיקאַלישע געשעפטען. די באַנק וועט אַרבייטען רעעל און מיט זיכערע און פעסטע טריט וועט זי געהן צו איהר הויכען ציעל.

י. ל.

---

## בריעף פון ארץ ישראל.

זייט דער ישוב עקסיסטירט, איז נאָך ניט געווען אַזאַ טרויריגער צושטאַנד ווי די לעצטע צייט. איך האָב אייך שוין איינינע וואָכען ניט געשריבען, דען די הענד נעהמען זיך איינפאַך ניט. אומעטום הערט מען איין געשריי: מען איז פערלאָרען! אומעטום זעהט מען איין חורבן! איין חורבן ביי אַרבייטער, איין חורבן ביי קאָלאָניסטען, איין חורבן אין די קאָלאָניעס! די מענשען האָבען זיך אַזוי ווייט פערלאָרען, דאָס זיי ווענדען זיך שוין צו קיינעם ניט, ניט מיט פּראָטעסטען, ניט מיט ביטעס, ניט מיט פּלענער.

— צו וועמען זאָלען מיר זיך ווענדען און ווער וועט אונז העלפען? — זאָגען די קאָלאָניסטען, — צי דען האָבען מיר ניט גער־

---

# פעלעטאָן.

## די ערשטע חשמונאים.

(אין יאָהר דריטויזענד פינף הונדערט זיבען און נייצניג פון דער וועלטערשאַפונג).

> איך עמיהוד בן אליהו, געטרייער דער פעראָרדנונג פון אונזערע פאָרעלטערן, שרייב די דאָזיגע געשיכטע פאַר דיר מיין זוהן אליעזר, זי זאָל בלייבען אין אונזער פאַמיליע צום אייביגען אנדענקען.

דער גריכישער העלדענקעניג אלכסנדר מוקדון, וואָס האָט דורך זיין גבורה איינגענומען די גאַנצע וועלט, האָט אויך אונזער הייליגעס לאַנד אַבגעריסען פון דער פּערזישער מלוכה און עס געשטעלט אונטער זיין שוץ. אלכסנדר איז געווען איין זעהר גוטער מלך און האָט די יודען זעהר גוט בעהאַנדעלט. נאָך זיין טויט האָבען זיך די פיהרער פון זיין חיל צוטהיילט מיט זיין גרויסער מלוכה. פטאָלאָמעאוס לאַגי האָט זיך געגרינדעט אַ מלוכה אין מצרים, איין אַנדערער גרויסער העלדהער, סעלייקוס, האָט זיך אויך געגרינדעט אַ בעזונדערע מלוכה אין סיריען (ארם). דאַן האָבען זיך אָנגעהויבען אינטריגען צווישען די ביידע מלוכות, ווי דער שטיינער איז — און וויל אונזער הייליג לאַנד יהודה ליגט צווישען די ביידע מלוכות, צווישען מצרים און סיריען, איז דערום אונזער קליינעם שוואַכעם יודישעם פאָלק געווען ווי איין שאָף צווישען צוויי וועלף. חוץ די פּאָליטישע אינטריגען פון די ביידע שכנים, האָט פון זיי שטאַרק געליטען אונזערע אמונה. דען ביידע ערשטע מלכים האָבען געשטאַמט פון גריכענלאַנד, און ביידע האָבען אין זייערע לענדער איינגעפיהרט די גריכישע שפּראַכע מיט דעם גריכישען געצענדינסט מיט אַלע גריכישע אויסגעלאַסענע מנהגים.

נאָך די נעמען פון די ביידע מלכים, האָבען זיך געגרינדעט צוויי דינאַסטיען (קעניגליכע פאַמיליען): די פּטאָלאָמעער אין מצרים און די סעלייקידען אין סיריען.

דער אמת מוז געזאָגט ווערען, דאָס פון ביידע עבדים זענען מאַנכע מלכים געווען זעהר גוט און גנעדיג צו אונז. אַזוי צום ביישפּיעל איז געווען נאָך פּטאָלאָמעאוס לאַגי, דעם ערשטען קעניג פון מצרים, זיין זוהן פּטאָלאָמעאוס פילאַדעלפוס זעהר פריינדליך צו יודען. ער איז געווען איין גרויסער ליעבהאַבער פון ביכער. אין אלכסנדריען, דער הויפּטשטאָדט פון מצרים, האָט ער געגרינדעט זעהר אַ גרויסע ביבליאָטהעק פון אַלע ביכער פון דער וועלט. דאָ האָט ער פערלאַנגט צו האָבען אַ גריכישע איבערזעצונג פון אונזער הייליגער תורה, און אַנשטאַט עס צו ערווערבען דורך תקיפות מיט פערשיידענע גזרות, האָט ער געשיקט זעהר אַ שענעם בריעף צו אליעזר דעם כהן גדול מיט גרויסע מתנות פאַר אונזער בית המקדש מיט אַ בקשה מען זאָל איהם דעם כבוד אָנטהון און שיקען צו איהם חכמים פון ירושלים, וואָס זאָלען איהם איבערזעצען די תורה אויף גריכיש. דער כהן גדול האָט זיין וואונש ערפילט, איהם אַרויסגעשיקט זיבציג אַלטע חכמים, וואָס האָבען גוט געקענט גריכיש. דער קעניג האָט זיי גרויס כבוד בעוויזען, און אַז זיי האָבען די אַרבייט געענדיגט, האָט ער צו זייער עהרע געמאַכט אַ גרויסען יום טוב. די ערשטע סעלייקידישע מלכים פון סיריען האָבען שטענדיג געוואָלט האָבען די יודען אויף זייער זייט. איבערהויפּט האָט זיך פריינדליך צו אונז פערהאַלטען דער קעניג אנטיוכס דער גרויסער, דער העכסטער נאָך סעלייקוס דעם ערשטען. זיין גוטסקייט צו יודען איז געווען אַזוי גרויס, דאָס אַז ער האָט מלחמה געהאַלטען מיט מצרים, האָבען זיך די יודען מיט

זעהן און ניט געהערט די מיינונגען פֿון אונזערע ברידער־דעלעגאַטען, וועלכע זענען געווען אין פּאַריז? האָבען דען איינינע ניט מודה געווען, דאָס זיי קענען גאָר ניט טהון פֿאַר אונז און אַנדערע האָבען אַזעלכע פֿאַלשע מיינונגען פֿון אונז, דאָס זיי האָבען זיך אַפילו ערלויבט צו אָגען, דאָס מיר זענען ניט ווערט, מען זאָל אונז העלפֿען!... עס איז זיך ווייטער ניט צו נאַרען, מיר זענען אַליין און ווער פֿון די קאָלאָניסטען קען, דער זאָל זיך אַליין העלפֿען!....

— דאָס איז די אַלגעמיינע מיינונג, דער קול־המון אין אַלע אונזערע קאלאניעס. און ווירקליך דער צוריקשטויס, וועלכען די דעלעגאַציע האָט בעקומען אין פּאַריז האָט ניט אַזוי שלעכט געווירקט ווי די האַלטונג פֿון דער דעלעגאַציע אַליין צו דער גאַנצער זאַך. עס איז אַלעס" געווען איבעראײלט און אין דעם איילעניש האָט מען פֿערגעסען צו שטעלען די הויפּטפּראַגע, וואָס וועט זיין, וואָס זאָל מען טהון און וואָס קען מען טהון, ווען מען וועט אין פּאַריז גאָר ניט אויספֿיהרען? די הויפּטפּראַגע האָט מען ניט געשטעלט אין רוסלאַנד און ניט פֿאָרגעלעגט פֿאַר די קאלאַניסטען, איידער זיי האָבען געשיקט זייערע דעלעגאַטען, און ווייל זיי האָבען אויף דעם קיין בעשטימטען בעשלוס ניט אָנגענומען, זענען דערפֿון אַרויס דאָפּעלטע צרות: אין פּאַריז האָבען די פֿיהרער זיך איבערצייגט, אַז ניט די דעלעגאַטען און ניט דאָס גאַנצע פֿאָלק איז אומשטאַנד עטוואַס צו טהון פֿאַר דעם ישוב און דאָס די איינציגע טהוערס זענען זיי געווען און וועלען בלייבען; די קאָלאָניסטען האָבען זיך פֿון זייער זייט איבערצייגט, דאָס זיי האָבען אויף קיינעם ניט צו האָפֿען און דערום האָבען זיי זייער גאַנצען מוטה פֿערלאָרען.— עס איז נאָך צו בעמערקען דעם וויכטיגען פֿעהלער, וועלכען מען האָט געמאַכט און וועלכען מען מאַכט נאָך ווייטער אין דער גאַנצער פֿראַגע: אין דער צייט, ווען מען רעדט אַלץ פֿון די פֿעהלערן אין דעם באַראָנ׳ס קאָלאָניעס האָט מען פֿערגעסען, דאָס דער ישוב בעשטעהט מעהר ווי העלפֿט פֿון קאלאניעס, וואָס האָבען מיט דעם באַראָן גאָר ניט צו טהון —- אַזוינע קאָלאָניעס זענען דאָ איינינע אין יהודה, אין גאַנץ פּתח־תקוה שטעהען נור 28 פֿאַמיליען אונטער דעם באַראָן, אַלע איבריגע האָבען געבויט דעם ישוב מיט זייער אייגענעם בלוט און קאַפּיטאַל; אין ראשון־לציון שטעהען אונטער דעם באַראָן נור 34 פֿאַמיליען, 46 אָבער זענען זעלבסטשטענדיג, פֿון רחבות אָדער חדרה איז נאָר ניט צו רעדען. פֿאַר וואָס זעהט מען ניט צו 'טהון פֿאַר אַזעלכע קאָלאָניעס, זיי זאָלען קענען דורכזעצען דעם וועג צו איין זעלבסטשטענדיגען לעבען?[1] — דער ענטפֿער איז גאַנץ קורץ און קלאַר: עס זענען ניטאָ קיינע מיטלען דערצו.

און דאָס אייגענטליך ווייסען איצט אַלע קאָלאָניסטען, אַז עס איז ניטאָ פֿאַר זיי קיין מיטעל, אַז מען וויל ניט און קען ניט געפֿינען קיין מיטעל, דערום איז דער יאוש איצט נאָך שטאַרקער, און די לעצטע האָפֿנונג איז ביי די קאָלאָניסטען פֿערשוואונדען. און דאָס יודישע פֿאָלק, און אַלע חובבי ציון זעהען איצט רוהיג צו, ווי אונזערע קעמפֿפֿער פֿאַר די פֿאָלקס־אונטערנעמונג מאַטערן זיך, געהען אונטער, און קיינער טהוט נאָר נישט פֿאַר זייער רעטונג! עס איז ניטא קיין שיף, מיט וועלכען עס זאָלען ניט אַוועקגעהן קאָלאָניסטען דאָ פֿון רחבות, דאָ פֿון קאַסטיניא, פֿון ראשון א. ז. וו. עס פֿאָהרען דערווייל יונגע לייט, יונגע קאָלאָניסטען, אָבער די וואָך האָט איין אַלגעמיינער נעשריי זיך ביי אַלעמען אַרויסגעריסען, ווען מען האָט פּלוצלינג זיך דערוואוסט, אַז איינער פֿון די עלטסטע קאָלאָניסטען, איין זעלטענער איעדאַליסט און טרייער חובב־ציון ש. ב—נד, וועלכער איז דער ערש־

[1] דעם באַראָנס קאָלאָניסטען זענען זיך שוין גוט פֿערזאָרגט! דאָס הייסט זיי שטעהען אין נאָך א עדגערער לאַגע ווי״די זעלבסטשטענדיגע; צום ביישפּיל— זכרון, מתולה.

---

זייער לאַנד גאַנץ איבערגעבען צו איהם. און זייט דאַמאַלס זענען מיר שוין געבליבען אונטער דער מלוכה פֿון סיריען, צו דער דינאַסטיע פֿון די סעלייקידען.

אָבער איידער אונזער לאַנד איז אַריבער צו דער מלוכה פֿון סיריען, האָבען די אינטריגעס פֿון ביידע מלוכות זעהר שטאַרק בעאונרוהיגט אונזער לאַנד. בעזונדערס איז אונז שלעכט געווען אין דער צייט פֿון פּטאָלאָמעאוס דעם דריטען (עווערגעט). דעמאָלט האָט נאָך אונזער לאַנד געהערט צו מצרים. אָבער סעלייקוס דער צווייטער, קעניג פֿון סיריען, האָט געשיקט זיינע לייט נאָך ירושלים, איבערצורעדען דעם כהן גדול, ער זאָל אויפֿהערען צאָהלען זיינע אָבצאָהלונגען פּטאָלאָמעאוס׳ן, דען באַלד וועט ער מיט איהם מלחמה האַלטען און מצרים געווים איינגעהמען. דער כהן גדול איז דעמאלט ביי אונז געווען יוֹחָנָן דער זוהן פֿון דעם כהן גדול שִׁמְעוֹן הַצַּדִּיק, וואָס איז אַזוי שען בעשריבען אין סֵפֶר בֶּן־סִירָא, און וואָס אויף איהם ווערט געזאָגט דער פּיוט נאָך דער עֲבוֹדָה פֿון יום כִּפּוּר, וועלכער שילדערט אין ליעבליכע בילדער די ליכטיגע געשטאַלט פֿון כהן גדול, ווען ער געהט אַרויס בְּשָׁלוֹם פֿון קֹדֶשׁ הַקֳּדָשִׁים (דער פּיוט לאָזט אויס יעדע שילדערונג מיט דעם אויסרוף "מַרְאֵה כֹהֵן"). יוחנן האָט געפֿאָלגט און האָט ניט אַריינגעשיקט די יעהרליכע אָבצאָהלונג צו דעם קעניג פֿון מצרים. דאָ איז פּטאָלאָמעאוס עווערגעט זעהר בייז געוואָרען, און געוואָלט אַרויסטרייבען אַלע יודען פֿון אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, און דאָס לאַנד צוטהיילען פֿאַר פֿרעמדע קאָלאָניסטען פֿון אַנדערע פֿעלקער. צום גליק האָט זיך אין דעם אַריינגעמישט א זוהן פֿון יוחנן דעם כהן גדול׳ס, א שוועסטער מיט דעם נאָמען יוסף בֶּן טוֹבִיָה. ער האָט מיטגענומען א גרויס קאַפּיטאַל און געפֿאָהרען נאָך אַלכסנדריען, בעזוכט דעם קעניגליכען הויף, און מיט חכמה אויסגעפֿיהרט, דאָס פּטאָלאָמעאוס האָט איהם אָבגעגעבען אין אַרענדע די אָבצאָהלונגען פֿון אונזער לאַנד מיט די אַלע איבריגע פּראָווינצען, וואָס ליגען צווישען סיריען און מצרים. ער האָט איהם נאָך מיטגעגעבען א חיל פֿון צוויי טויזענד מאַן, איהם צו הילף צו זיין ביי דער איינקאַסירונג פֿון די אָבצאָהלונגען, פֿאַר וועלכע ער האָט פֿאָרויס בעצאָהלט דאָס געלד אין קעניגליכען שאַץ.

יוסף האָט דערמיט איינגעשטילט דעם קעניג פֿון מצרים, אונזער לאַנד געשאַפֿט רוהע און פֿאַר זיך איין זעהר גוט געשעפֿט געמאַכט, ביי וועלכען ער איז פֿון טאָג צו טאָג רייכער געוואָרען. צוויי און צוואַנציג יאָהר האָט ער געהאַלטען די אַרענדע. אין מצרים האָבען זיך די מלכים געביטען און ער איז שטענדיג ביי׳ם געשעפֿט געבליעבען, און ניט נור ער אַליין, נאָר אויך אַלע זיינע אָגענטען האָבען דערפֿון אוצרות אָנגעזאַמעלט. פֿון זיי האָט זיך געבילדעט א נייע אַריסטאָקראַטישע פּאַרטיי, וועלכער איז שוין ניט אָנגעשטאַנען זיך צו האַלטען ביי דער ריינער יודישקייט, און יוסף האָט ווי אַלעמען געדיענט פֿאַר א מוסטער. האַבענדיג תמיד געשעפֿטען מיט דעם קעניגליכען הויף אין מצרים, האָט ער פֿון דאָרט פֿערשלעפּט די גריכישע מנהגים, און זיי איינגעפֿיהרט אין זיין הויז. זיינע אַלע אַגענטען האָבען איהם נאָכגעטהון. אַזוי זענען די געצענדינערישע מנהגים געוואָרען א מאָדע פֿאַר דאָס רוב רייכע לייט אין ירושלים, און די פֿרומע איינפֿאַכע יודישקייט האָט אָנגעהויבען ביי זיי אַלץ מעהר פֿון דער מאָדע אַרויסצוגעהן.

די דאָזיגע אומענדערונג האָט זיך אָנגעהויבען פֿון גאָר קליינע זאַכען, איז אָבער דערגאַנגען ביז צום העכסטען פּונקט, ביז צום יסוד פֿון אונזער הייליגער אמונה.

טער נאָך אַלס בן־בילו״י צוריק מיט 19 יאָהר געקומען אַהער און וועלכער האָט זייט דער גאַנצער צייט דעם פּלאַץ אויף איין טאָג ניט פערלאָזען, דאָס אויך ער איז איצט אַוועק געפאָהרען קיין אַווסטראַליען און האָט געמוזט לאָזען זיין פאַמיליע אַליין אין ראשון לציון. זיין אַוועקפאָהרען האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ שטאַרקען רושם. מיט וויפיעל קאָלאָניסטען עס איז מיר פאָרגעקומען צו רעדען האָב איך נור געזעהן ביטערע טרעהרען אויף די פּנימ׳ער. די בעגלייטונג איז געווען אַלעבעדיגע לְוָיָה,— אָהן רייד, אָהן ווערטער האָט מען זיך געזעגענט מיט איינעם פון די עלטעסטע, ליעבסטע ברידער!...

ווער ווייסט וואָס עס וועט נאָך מיט אונז זיין?— האָט יעדער ביי זיך געטראַכט, און איין שרעקליכער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסען פון איטליכענס האַרץ אויף די גאַנצע לאַגע, אויף די צושמעטערטע זיסע האָפנונגען פון די פריעהרדיגע יאָהרען, ווען יעדער האָט מיט פרייד געליטען הונגער, דאָרשט, אין דער האָפנונג, דאָס די זאַך וועט ווערען אַ פאָלקס־זאַך, אַז דאָס קליין קערענדיל וועט געבען מעכטיגע, קרעפטיגע בוימער מיט שטאַרקע וואָרצלען אין אונזער היילינגען לאַנד...

און איהר, ברידער, וועט נאָך אַלץ קוקען פון וויטען און צוזעהען ווי די שטיינער פון אונזער יסוד ריהרען זיך שוין און דאָך גאָר ניט טהון? אָדער איז עס שוין אין דער אמת׳ן גאָר קיין האָפנונג מעהר דאַ, און אַלעס וואָס מען האָט געליטען, אַלץ אין וואָס מען האָט געגלויבט און וואָס מען האָט אַזוי געליעבט — איז ניט מעהר געווען ווי איין חלום? דאַן זאָגט עס בעסער קלאָר! מאַטערט ניט קיין טויזענדער נפשות, ביי וועלכע עס איז נאָך געבליבען איין לעצטער פונק, וועלכער האַלט זיי אויף אויף אונזער היילינגען לאַנד. זאָגט זיי קלאָר אייער לעצטעס וואָרט!....

יפו י״ג תשרי. דער אַלטער ציוניסט.

## יודישע אַרי׳מע קראַנקע אויפ׳ן אַדעסער לימאַן.

(ציפער און פאַקטען).

דער אָדעסער לימאַן אַלס קור־אָרט איז שוין בעוואוסט איינינע צעהנדלינע יאָהר. די היילקראַפט פון דעם לימאַן־וואַסער האָט געקראָגען אין דער וועלט אַ גוטען שם, און פון אַלע קאַנטען, פון ווייט און פון נאָהענט, קומען יעדעס יאָהר טויזענדער קראַנקע זוכען אין דעם געזאַלצענעם־זומפּינען לימאַן אַ רפואה צו זייערע פערשידענע קראַנקהייטען. *) מעהר ווי 18 טויזענד קראַנקע פאָהרען אָן יעדען זומער אויפ׳ן לימאַן געהאָלפען צו ווערען דורך זיינע וואונדערבאַרע וואַסער. פיעל ווערען טאַקי אויסגעהיילט און פאָהרען אַוועק פון לימאַן געזונד, פריש און מונטער. געקומען קאַליקעס, קרומע, שוואַכע, מיט פערבונדענע וואונדען, מיט הינקעדיגע פיס און פאָהרען אַוועק „לייט“, מיט אַ גלייכען גאַנג, מיט אַ געזונטען קערפּער, מיט נייע כחות... אויף פיעל קראַנקע ווירקט דער לימאַן שוין ניט אַזוי שטאַרק און זיי בעקומען נור אַ „פערגרינגערונג“ פון זייערע מחלות. אָבער — „גם זו לטובה“ — האָטש אַביסילע בעסער, פרייער. דאָך ווערט קלענער דער שמערץ און גרעסער די מעגליכקייט געזונד צו ווערען. אָבער גאָר פיעל קראַנקע, כמעט אַ העלפט, פאָהרען צוריק אין זעלבינען צושטאַנד, אין וועלכען זיי זענען געקומען, אָהן אַ שום פערבעסערונג, מיט׳ן זעלבינען פעקיל יסורים,ליידען און וועהטאָגען. צי די קראַנקהייט איז שוין צו לאַנג פערלאָזען, פערעלטערט, אַז דער לימאַן איז שוין אונפעהיג זי אויסצוהיילען, אָדער די קראַנקהייט איז גאָר פון אַנ׳אַנדער מין, וואָס דאַרף האָבען גאָר אַנדערע בעדער, אַנדערע וואַסער ניט לימאַן.

*) דער לימאַן היילט דערהויפּט רעוומאַטיזם, סקראָפעל, שוואַכע נערוועז, פרויען־קראַנקהייטען, ביינער־טובערקולאָז, גלידער־לעהמונג א. ד. ג.

באַלד האָט די רייכע קלאַסע אויפגעהערט זיך צו בעשעפטיגען מיט ערדאַרבייט, וואָס איז דער יסוד פון אונזער לעבען אין אונזער געבענשטען לאַנד, זיך בעסער געלעגט אויף געשעפטען און ספּעקולאַציעס מיט די אַרומיגע פעלקער. נון האָבען זיי צוערשט איינגעפיהרט די גריכישע שפּראַכע, דאַן זיך געגעבען גריכישע נעמען, און אום זיך גאַנץ צו פערמישען מיט די אַנדערע אומות, האָבען זיי אויך אָנגענומען גריכישע זיטען מיט דער גאַנצער געצענדינערישער אויסגעלאַסענקייט. דאָס יודישע שטילע זיטליכע לעבען האָט זיי שוין נישט מעהר געפּאַסט, פרעסעריי, וויפעריי, אויסגעלאַסענע טענץ זענען ביי זיי געוואָרען צו אַ עפענטליכער מאָדע, דען אַזוי פיהרען זיך דאָך די געבילדעטע גריכען, און מן הסתם דאַרף יעדער אַריסטאָקראַט אַזוי לעבען. ווער עס וויל זיך אַזוי ניט פיהרען, דער איז אַ פאַנאַטיקער, אַ ווילדער מענש, וואָס קען די וועלט ניט און פערשטעהט גאָר ניט ווי דאָס לעבען צו געניסען.

אַזוי האָבען זיך ביי אונז געבילדעט צוויי פּאַרטייען: פרומע גאָטעספירכטיגע יודען, וועלכע האָבען זיך פעסט געהאַלטען אָן דער לעהרע פון שמעון הצדיק און זיינע תלמידים, וואָס האָבען אָבגעהיט יעדען יודישען פרומען מנהג און אין גאַנצען לעבען נור געאַרבייט פאַר עולם הבא, און פרייע לייכטלעביגע יודליך, וואָס האָבען עולם הבא גאָר ניט אין זינען געהאַט, אָדער אַפילו עס גאַנץ אָבגעלייקענט, און נאָך דעם דרך פון יוסף בן טוביה, שמעון הצדיק׳ס אייניקעל, זיך נור געלעגט אויף עולם הזה. צו דער דאָזיגער פּאַרטיי האָבען געהערט דער גרעסטער טהייל ר י י כ ע, די אַריסטאָקראַטישע כ ה נ י ם, און דאָס רוב ג ע ב י ל ד ע ט ע, וואָס האָבען זיך געפיהרט ג ר י כ י ש, און האָבען זיך דערום גערופען ה ע ל ע נ י ס ט ע ן (די גריכען האָבען זיך גערופען ה ע ל ע נ ע ן, נאָך זייער שטאַם־פאָטער העלענוס,

אַזוי ווי מיר רופען זיך י ו ד ע ן, ווייל הויפּטזעכליך רעכנען מיר זיך צום שבט י ה ו ד ה).

יוסף בן טוביה האָט געהאַט פיעל זיהן, פון אַלע אָבער האָט ער מעהר געליעבט דעם יונגסטען, הורקנוס, וואָס זיין מוטער איז געווען ביי איהם די ליעבסטע פרוי. הורקנוס איז דורך זיינע מעלות געווען גרעסערער פאַר אַלע זיינע ברידער. מיט דער געבורט פון הורקנוס איז פערבונדען אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע געשיכטע.

ביי די רייזען, וועלכע יוסף פלעגט מאַכען אין אַלכסנדריען, וואו ער פלעגט אָבזיצען גאַנצע חדשים אין קעניגליכען הויף, האָט ער שטענדיג מיטגעהאַט זיינעם אַ עלטערן ברודער שלום. איינמאָל האָט שלום בעמערקט דאָס יוסף האָט זיך שטאַרק פערליעבט אָן אַ קעניגליכע טענצערין. זעענדיג געבלענדעט פון איהר שענהייט, האָט ער נור געזוכט פּלאַנען ווי זי צו בעקומען. שלום האָט איינגעזעהען, וואָס פאַר אַ געפאַהר דאָ קען פיר יוסף׳ן דערפון אַרויסקומען, דערום האָט ער זיך גענומען צו רעטען זיין ברודער. ער האָט איהם צוגעזאָגט, דאָס ער אַליין וועט איהם ברייגנען די טענצערין אין אַ געוויסע צייט אין אַ פינסטערע נאַכט, נור בתנאי, ער זאָל זיך גאַנץ רוהיג אויפפיהרען און עס האַלטען בסוד סודות, קיינער זאָל דערפון ניט וויסען. שלום האָט איהם ווירקליך וואָרט געהאַלטען און אין אַ פינסטערע נאַכט האָט ער ערפילט זיין וואונש — דאָס איז אָבער ניט געווען די טענצערין, נאָר זיינע אַ אייגענע (שלומ׳ס) יונגע טאָכטער, וועלכע ער האָט צו דעם צוועק בסוד אַראָבגעבראַכט פון דער היים. יוסף האָט דערפון גאָר ניט געוואוסט, און איז דעם ברודער זעהר דאַנקבאַר געוועזען. נאָכהער אָבער האָט יוסף זעהר חרטה געהאַט, ער האָט זעהר זיך געשראָקען פאַר איין אונגליק, ווען דער איינפערזיכטיגער קעניג זאָל זיך דערפון דערוויסען.

צוויי דריטעל פון די אָנגעפאָהרענע קראַנקע זענען יודען. א יוד ווי ס'איז בעוואוסט היילט זיך מעהר, קריינקט טאַקי מעהר, און דערצו געפינט זיך דער לימאַן אין יודישען „תהום“, וואו א יוד מעג פריי וואָהנען, פריי עטהעמען די לופט, פריי היילען זיך... ניט אַלע קוראָרטען זענען דאָך לייז, פריי און פראַנק פאַר א יודען. און קראַנקהייטען זענען, ברוך־השם, דאָ ביי יודען. דאָס שווערע לעבען אין תחום, די מורא'דיגע דחקות און נויט, די אייביגע דאגות און טרדות וועגען די ביטערע חיונה, דערצו נאָך די שלעכטע, ענגע, ניט געזונדע וואָהנונגען האָבען פערברייטערט צווישען יודען פיעל מחלות, ווי רעוומאַטיזם, סקראָפעל, נערוועןשוואַכקייט א. ז. וו. און וויפיעל מען ראַנגעלט זיך ניט מיט זיי, איז אַלץ שווער זיי בייצוקומען. מען האָט שוין איבערגעטהון אין דער היים צעהנדלינער מיטלען, וואָס דער דאָקטאָר הייסט און וואָס „גוטע פרומע“ לייט הייסען — און קיין פערגרינגערונג איז נאָך אַלץ ניט געקומען. מען לאָזט זיך דאַן אויף דער „לעצטער פּראָבע“, דעם לימאַן, וועגען וועלכען מען דערצעהלט אַזעל'כע נסים ונפלאות און מען פאָהרט מיילען ווייט מיט דער האָפנונג, אַז דאָרט וועט שוין די רפואה געוויס זיין.

א חולה א גניד ווערט טאַקי דאָס רוב געהאָלפען דורכ'ן לימאַן. בעקומט ער ניט א רפואה שלימה, אָבער א בעוואוסטע פערגרינגערונג קריגט ער געוויס. ער לעבט אויפ'ן לימאַן רוהיג בְּהַרְוָחָה עסט גוט און ניט זיך ווילטאָג, האָט א דירה א בעקוועמע, א גרויסע מיט בוימער און בלומען אַרום; באָדט זיך אָדער נעהמט וואַנעס אין דער צייט און אַזוי פיעל, וויפיעל דער דאָקטער האָט געהייסען. און דאָס אַלץ טהוט זיין פעולה און ווירקט גוט אויף די קראַנקהייט. סיי אין פריידען, סיי אין ליידען איז דעם רייכען בעסער ווי דעם אָרימען... דאָס איז אַנ'אַלטער כלל — אָבער אימער ניי...

א בעוואוסטע הילף און נוטץ בעקומט פון לימאַן אויך א קראַנקער פון מיטעלען קלאַס, ניט קיין גביר און ניט קיין קבצן, א יוד א בעל־הבית. אַזאַ חולה קומט דאָס רוב מיט די לעצטע עטליכע רובעל. מען האָט זיך אָנגעטהון א כח, ווי זיי זאָגען, און מען האָט אוועקגעוואָרפען אין דער היים דאָס געשעפט און די פאַמיליע און מען איז געקומען קורירען זיך. עס קאָסט דאָס פערגעניגען אפילו א סך געלד — גאָר ניט נאָך די פרנסות איצטיגע, אָבער געזונד איז טייערער ווי געלד. אָהן געזונד וואָס קען מען טהון? צו וואָס טויג א קראַנקער, א צובראָכענער שאַרבען?... אַזעלכע קראַנקע לעבען אויפ'ן לימאַן זעהר קאַרג. דאָס ביסיל געלד וואָס זיי האָבען מיט זיך געבראַכט, קלעקט קוים אויף די לימאַן־וואַנעס, וועלכע קאָסטען זעהר טהייער. פון די איבריגע זאַכען, דהיינו גוטע געזונדע ערנעהרונג, א גוטע דירה א. ד. ג. מוז מען זיך שוין ענטזאָגען, חאָטש זיי זענען זעהר נייטהיג צו דער היילונג אויפ'ן לימאַן, און מען קאַרגט אין הלכות עסען, וואָהנונג ביז ווייט מעגליך איז, נור חלילה ניט אנצוקומען צו יענעם.

אַזוינע קראַנקע קומען יעדען זומער אויפ'ן לימאַן 2–3 טויזענד. זיי קומען געוועהנטליך שטיל און פאָהרען אוועק שטיל, ניט צעפענדיג קיינעם, ניט אָנריהרענדיג ווערמען עס איז. דער לימאַן האָט זיי אפילו אַביסיל אָבגענאַרט, ניט דאָס איז די רפואה וואָס זיי האָבען געהאָפט צו בעקומען פון זיינע וואונדערבאַרע כשוף'דיגע וואַסער. אָבער פאָרט עפיס לייכטער געוואָרען. עס ציהט ניט אַזוי די האַנד, עס שטעכט ניט אַזוי דער רוקען, א דאַנק דערפאַר אויך, מען דאַרף זיין א שָׂמֵחַ בְּחֶלְקוֹ און ווייטער וועט גאָט זאָרגען...

אָבער נאָר צו קליינע רעזולטאַטען (אָפט מאָל גאָר אָהן רעזולטאַטען) ברייננט דאָס היילען זיך אויפ'ן לימאַן פאַר אָרימע קראַנקע. דער אונגליקליכער אביון איז אונגליקליך אומעטום, וואו ער קערט

---

אין זיין גרויסען אַנגסט האָט ער זיין עלטערן ברודער געפרעגט וועגען א עצה. דאָ האָט איהם דער ברודער בערוהיגט, און איהם אויסגעזאָגט וואָס ער האָט פאַר איהם געטהון, דאָס ער האָט צו זיין רעטונג איהם געבראַכט זיין איינענע טאָכטער. יוסף האָט זיך זעהר דערפרעהט, און האָט גלייך נאָכדעם זיין ברודערס טאָכטער גענומען פאַר א פרוי. פון דעם זיווג איז געבאָרען געוואָרען הורקנוס. ער איז געווען א געראָטהענער זוהן. ווי שען אַזוי קלוג, און אַז ער איז אויסגעוואַקסען, האָט איהם דער פאָטער געשיקט נאָך אלכסנדריען, צו בעזוכען דעם קעניג פּטאָלאָמעאוס דען פיערטען. ער איז דאָרט זעהר געפעלען געוואָרען און גרויס חן געהאַט אין קעניגליכען הויף. זיינע ברידער האָבען איהם מְקַנֵּא געוועזען. זייער שִׂנְאָה צו איהם איז געווען אַזוי גרויס, דאָס זיי האָבען איינינע מאָל געזוכט איהם צו טוידטען, זיי האָבען עס אָבער ניט אויסגעפיהרט. צו זייער קרענקונג איז הורקנוס אַלץ מעהר געשטיגען אין כָּבוֹד און גְדוּלָה ביי'ם פאָטער און ביי'ם קעניג, און אַז יוסף איז געשטאָרבען, האָט דער קעניג איבערגעגעבען די אַרענדע הורקנס'ן אליין. זיינע ברידער האָט עס געברענט ווי א פייער פון גרויס קנאה. נאָך פּטאָלאָמעאוס דעם פיערטענס טויט איז פון איהם געבליבען פאַר א יורש נור איין קליינער פינף־יעהריגער זוהן. די אַפּטְרוֹפּסִים, וועלכע האָבען פאַר איהם איבערגענומען די רעגירונג, האָבען ניט גוט געפיהרט. דורך א שלעכטען קאָמענדאַנטען, וועלכען זיי האָבען געשיקט מיט חיל נאָך ירושלים, האָבען זיי זעהר אויפגערייצט אונזערע יודען. דאָ זענען די ברידער פון הורקנוס געקומען אויף דעם איינפאַל, צו בענוצען דעם צאָרען פון אונזער פאָלק: זיי האָבען אָנגעפיהרט דעם קעניג פון סיריען, אנטיוכס דען גרויסען, ער זאָל איינגעהמען אונזער לאַנד, כדי דורך דעם זאָל ממילא הורקנוס אַרענדע אין גאַנצען בטל ווערען. דער פּלאַן איז זיי געלונגען. — אַנטיוכס האָט דורך גוטסקייט און פריינדליכע בעהאַנדלונג געוואונען פאַר זיך אַלע יודען, ער האָט זיי אויף דער ערשטער צייט פריי געמאַכט פון אַלע אָבצאָהלונגען און זיך אַרויסגעוויזען זעהר פריינדליך צו זיי ביי יעדער געלעגענהייט.

אָבער ניט אויף לאַנג איז הורקנוס אויסגעבליבען מיט דער אַרענדע. דען נאָך איניגע יאָהרען האָט אנטיוכס פון סיריען גענומען דעם יונגען פּטאָלאָמעאוס פון מצרים פאַר א חתן פאַר זיין טאָכטער, און אַלס נְדָן האָט ער איהם געגעבען די הכנסות פון די פּראָווינצען ביי'ם ירדן. דאַ האָט הורקנוס צוריק בעקומען יענע פּראָווינצען אין אַרענדע. ער איז הגם שוין אַרוים פון ירושלים, דען ער האָט זיך בעזעצט אין לאַנד מואָב נאָהענט פון דער שטאָדט חשבּוֹן. דאָרט האָט ער זיך אויסגעבויט א גרויסאַרטיגען פּאַלאַץ, פון די דאָרטיגע יודען האָט ער זיך געמאַכט א חַיִל, מיט וועלכען ער האָט אונטערטהעניגט די דאָרטיגע קליינע פעלקער, וואָס האָבען זיך אין אָנהויב געגען איהם געבונטעוועט. דאָרט האָט ער נאָך מעהר אוצרוֹת געזאַמעלט. מיט זיין עשירות האָט ער אויפגעהאַלטען זיין קליינעם חיל, אויך פיעל טרייע פריינד און גוטע געסט און א גרויסען טהייל פון זיין רייכטהום יעהרליך געשיקט אין אוצר פון בית־המקדש — דען ער איז געווען דער הֵיפֶּך פון זיינע פיינדליכע ברידער, וואָס האָבען זיך געהאַלטען פאַר עכטע העלעניסטען. ער אָבער האָט געהערט צו דער פרומער פּאַרטיי, און דאָס יודישע הייליגטהום איז איהם געווען דאָס טהייערסטע פון דער וועלט.

(פאָרטזעצונג קומט).

א. ש. פריעדבערג.



זיך, וואו ער ווענדט זיך. אַפילו דערלייזט ווערען פֿון אַ קראַנקהייט, קען ער ניט אַזוי לייכט, אַזוי גרינג ווי אַ תּקיף'ער מענש. זיין פֿינס־טערער מזל יאָגט איהם נאָך אין אַלץ...

אָרימע יודישע קראַנקע זענען דאָ יעהרליך אויפֿ'ן לימאַן מעהר ווי 1500 מענשען.*) די אַלע קבצנים קומען אין אָדעס מיט ליידינגע קעשענעס, אָהן שום מיטלען צום לעבען. אויף הוצאות ביז אָדעס האָט מען דעם לעצטען חפץ פֿערזעצט אָדער אַ נדבה געקראָגען פֿון בקור־חולים אָדער אַזוי פֿון גוטהערציגע לייט. לאַנג, לאַנג געליטען אין דער היים פֿון די מחלה, מיט אַלע כּחות געשטריטען מיט איהר, אָבער ניט געקענט זי גובר זיין. די מחלה דערווייל האָט זיך געטהון דאָס איהריגע — טיעפֿער איינגעוואָרצעלט זיך אין קערפּער, טיעפֿער אַריינגעלאָזען איהר סם. פֿון אַלע היימישע רפֿואות האָט זיך אויסגע־לאָזען אַ חלום. קיין בעסערונג, קיין שום פֿערגרינגערונג. די לעצטע האָפֿנונג בלייבט דער לימאַן, וואָס מיט זיין וואונדערליכער היילקראַפֿט קלינגט אַ וועלט. און מען שטרענגט אָן די לעצטע כּחות, מען פֿער־משכּון'ט זיך, פֿערבאָרגט זיך, מען קריגט אַ גמילות־חסד, אַ נדבה און מען קומט ווי עס איז אין אָדעס.

וואָס וועט ווייטער זיין, מיט וואָס וועט מען זיך היילען, וואו וועט מען נעהמען אויפֿ'ן ערשטען טאָג חיונה? — דאָס איז אַ ביי־זאַך, אַ טפֿל. אומעטום זענען דאָ יודען, טראַכטען זיי זיך, און מען וועט רחמנות האָבען אויף אַ קראַנקען געפֿאַלענעם ברודער. דאָס האָפֿען אויף יענעמ'ס באַרעמהערציגקייט - - אָט דאָס איז די איינציגע „מטבע" וואָס די אונגליקליכע אביונים האָבען מיט זיך געבראַכט. ווייטער ווע־לען מיר זעהן, ווי די „מטבע" איז אַ פֿאַלשע און ווי שווער עס איז זי צו פֿונאַנדערבייטען... און וואָסערע צרות, יסורים און פּיין טראָגען אויס די אָרימע קראַנקע אויפֿ'ן הייל־אָרט לימאַן.

פֿאָהריגעס יאָהר האָט אַ דאָקטורים־פֿעריין געפֿיהרט אַ סטאַטיס־טיק פֿון די אָרימע קראַנקע אויפֿ'ן לימאַן. פֿיעל זענען געבליבען געוויס ניט פֿערשריבען, איבער פֿערשידענע סבּות. אָבער די רעזולטאַ־טען פֿון די פֿערשריבענע 992 אָרימע, צווישען וועלכע 93% זענען געווען יודען, קענען אויך געבען אַ ריכטיגען בעגריף וועגען די שווערע דחקות און נויט, וואָס די שלים־מזל'דיגע אָרימע קראַנקע טראָגען דורך אויפֿ'ן לימאַן.

73 מענשען זענען געקומען אויפֿ'ן לימאַן גאָר אָהן געלד.
37 „ „ „ מיט אַ סומע ווייניגער פֿון אַ רובל.
389 „ „ „ „ פֿון 1 ביז 5 „
263 „ „ „ „ פֿון 6 „ 10 „
230 „ „ „ „ פֿון 11 „ 20 „

כּדי צו פֿיהרען אַ ריכטיגע, שטרענגע קור אויפֿ'ן לימאַן, וואָס זאָל קענען ברענגען נוטצען און אויסהיילען אָדער פֿערלייכטערען די קראַנקהייט, מוז יעדער (אָרימער) חולה האָבען, ווי דער דאָקטורים־פֿעריין שרייבט, ניט ווייניגער ווי 40 רובל (אויפֿ'ן גאַנצען סעזאָן — 6 וואָכען):

1) אויף מילך, פֿלייש, ברויט, טהיי 20 רובל.
2) אויף אַ דירה (אַ ווינקעל) 6 „
3) „ 10 (לכל הפּחות) בלאָטע־וואַנעס 7 „

---

*) דאָס רוב פֿון זיי זענען קליינע הענדלער, בעלי־מלאכות (דערהויפּט שמידען, גלעזער, שוסטער), פֿאַבריק־אַרבייטער, דינסטען, זאַקען־אַרבייטערינס א. ד. ג.

4) „ 20 „ לימאַן־וואַנעס 6 רובל.
5) „ וועש־וואַשען, קליינע הוצאות 1 „

אָהן די אַלע נייטהיגע הצטרכות — אַז מען זאָל ניט דער־עסען, ניט דערשלאָפֿען, ניט האָבען חאָטש אַ קליין ווינקעל, אָדער ניט אויסנעהמען די נייטהיגע צאָהל וואַנעס, איז דער לימאַן, נאָך דער מיינונג פֿון דעם דאָקטורים־פֿעריין, אַ בּרָכה לבטלה, אַ פֿאַלשע רפֿואה און קען קיין שום ווירקונג ניט האָבען.

יעדער דאָקטאָר זאָגט אָן די קראַנקע, אַז חוץ דעם שוויינקען זיך אין לימאַן, מוז מען נאָך גוט עסען, רוהיג לעבען, אָהן דאגות, אָהן קאָפּדרייענעס, שלאָפֿען אין אַ גוטען צימער און ז. וו.

אַ רייכער מענש איז מקיים די אַלע פֿאָדערונגען און היט זעהר שטרייננ דעם „געבאָט" פֿון דאָקטאָר — און ווערט טאַקי דאָס רוב געזונד דורך דעם לימאַן.

אָבער וואָס טהוט נעביך דער אָרימאַן?

עסען גוט, שלאָפֿען רוהיג — ער לאַכט גאָר דערפֿון. ער מיינט אַז על פּי טעות האָט דאָס איהם דער דאָקטאָר געזאָגט. ער איז דאָס געקומען אויף אַ חתונה, אַ מאַלצייט, עס איז דען אַ יום־טוב — אַז מען מוז גאָר עסען פֿלייש, טרינקען וויין, אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך דעם יאָך און לעבען ווי אַ גראַף? וואָס איז דאָס היינט בעסער ווי נעכטען, וואָס איז דאָס אַזוי נשתנה געוואָרען דאָ אויפֿ'ן לימאַן?... דאָס באָדען זיך אין לימאַן דאָס איז אַ ענין, אָבער די „מותרות", די איבריגע זאַ־כען זענען טאַקי איבריג...

און דער אָרימאַן טהוט זיך דאָס זיינינע. אַנשטאָט וואַנעס וואָס קאָסטען טהייער*), באָדט ער זיך אין אָפֿענעם קאַלטען לימאַן בחנם און בעגוגענט זיך מיט די 2—3 וואַנעס, וואָס ער האָט בעקומען מיט פֿיעל מאַטערנעס דורך אַ צדקה־קאָמיטעט אָדער פֿון אַזוי אַ בעל־רחמים. אַנשטאָט אַ קוואַטיר אַ רוהיגע, אַ פֿרייע, וואָהנט ער ערגיץ אויף אַ בוידעם, אין אַ שטאַל, אָדער גאָר אויף דרויסען אונטער'ן בלאָען הימעל. אַנשטאָט פֿלייש, ווייל טאָג, שפּייזט ער זיך כּמעט נור מיט טרוקען־האַרטען ברויט און ז. וו. און וואונדערט זיך דערנאָך וואָס איז די מעשה, וואָס דער לימאַן, דער וואונדערליכער לימאַן, וואָס איז אַזאַ „רופֿא חולים", איז עפּיס גאָר אויסגעוועבט געוואָרען, גאָר פֿער־לאָרען זיין היילקראַפֿט און ווירקט עפּיס גאָר ניט אויף זיין פֿעהלער...

אונגליקליכער פֿערשאָלטענער אָרימאַן, אַפֿילו דער לימאַן, די כּחות פֿון נאַטור מאַכען אַ חלוק פֿון דיר ביז אַ רייכען... ניט אַלץ וואָס איז אַ רפֿואה פֿאַר אַ רייכען, קען היילען אויך דיינע וואונדען...

(פֿאָרטזעטצונג קומט).

מענדל לעווין.

---

## פאליטישע איבערזיכט.

די צוויי־יאָהריגע מלחמה אין אַפֿריקא. — אַפֿגאַניסטאַן. — דער נייער טאַריף אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע מלוכות. — די ווזיבאָרעס אין בעהמען.

דעם 11־טען אָקטאָבער איז געוואָרען 2 יאָהר, זינט עס גע־דויערט די מלחמה צווישען ענגלאַנד און אַפֿריקא. קיינער האָט ניט געקאָנט גלויבען, אַז די בורען וועלען זיין אים שטאַנד אַזוי לאַנג זיך צו האַלטען געגען די ענגלענדער. דאָס העלדענטהום פֿון די בורען

---

*) אַ וואַנע פֿון די לימאַן־בלאָטע קאָסט 70—80 קאָפּ. — אַ וואַנע פֿון די לימאַן־וואַסער 30 - 35 קאָפּ.

האָט אַרויסגערופֿען צו זיך די פֿערוואונדערונג פֿון דער גאַנצער וועלט. די גערעכטע זאַך, פֿאַר וועלכע די בורען האָבען מלחמה געהאַלטען, האָט אומעטום אַרויסגערופֿען צו זיי דאָס מיטגעפֿיהל, אָבער חוץ איינצעלנע פֿרייוויליגע פֿון אייראָפּא אָדער שטיצע מיט געלד האָבען די בורען קיין אַנדער הילף ניט בעקומען, און די גאַנצע צוויי יאָהר שטעהען זיי אַליין געגען דעם פֿיעל שטאַרקערען פֿיינד.

דער אָנהויב פֿון מלחמה האָט געבראַכט די בורען איין נצחון נאָך דעם אַנדערען. זייערע גענעראַלען זשובער און קראָניע האָבען מיט גליק געשטריטען געגען די ענגלישע גענעראַלען בולער און מעטוען. אַנדערש איז אָבער געוואָרען די לאַגע, ווען די הנהגה פֿון דער מלחמה איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענד פֿון דעם טאַלאַנטפֿאָלען ענגלישען גענעראַל ראָבערטס. ער האָט געפֿיהרט די מלחמה מיט דער הילף פֿון אַ גרויסען חיל, וועלכער איז געווען עטליכע מאָל אַזוי שטאַרק ווי דער חיל פֿון די בורען. דער גענעראַל קראָניע איז אין גיכען געפֿאַנגען געוואָרען מיט 3000 מאַן. קראָניעס מפלה האָט פֿאַר די ענגלענדער פֿריי געמאַכט דעם וועג צו די הויפּטשטעדט פֿון אָראַניען און טראַנסוואַל. פֿון יענער צייט אָן האָבען די בורען אָנגעהויבען אויסצומיידען אָפֿענע מלחמות מיט די ענגלענדער און האָבען איינגעטהיילט זייער חיל אין קליינע טהיילען, וועלכע ליינען צוואָרפֿען איבער טראַנסוואַל און אָראַניען און פֿאַלען אָן נור אויף קלענערע ענגלישע אַבטהיילונגען. זייערע פֿיהרער באָטהאַ, דעוועט און דעלאַריי פֿיהרען די מלחמה מיט קונסט און מוטה, אָבער מיט ווייניג אויסזיכט אויף אַ גליקליכען סוף. די נסיעה פֿון אַ בעזונדער דעפּוטאַציע, וואָס די בורען האָבען געשיקט קיין אייראָפּא און אַמעריקא, און די בעמיהונגען פֿון דעם פּרעזידענט קריוגער צו געפֿינען הילף ביי די אייראָפּעאישע מלוכות האָבען קיין רעזולטאַטען ניט געבראַכט.

אין דער מלחמה איז אונטערגעגאַנגען אַ גרויסע צאָהל פֿון די בעסטע מענשען פֿון טראַנסוואַל און אָראַניען. דאָס פֿאָלק איז פֿעראָרימט געוואָרען פֿון דער לאַנגער מלחמה. פֿון גאַנצען לאַנד איז געוואָרען אַ חורבן, אָבער די מוטהיגע העלדען לאָזען נאָך אַלץ ניט אַרויס דאָס געוועהר פֿון זייערע הענד.

די ענגלענדער זענען אויך גענוג אָבגעשוואַכט געוואָרען פֿון דער מלחמה מיט די צוויי קליינע אַפֿריקאַנישע רעפּובליקען. אין דער צייט פֿון דער מלחמה האָבען די ענגלענדער שוין פֿערלאָרען 75,000 מענשען, און חאָטש ענגלאַנד שטעהט אין אַפֿריקא מיט אַ חיל פֿון 250 טויזענד מאַן געגען העכסטענס 15,000 בורען, קען דער פֿיהרער פֿון ענגלישען חיל קיטשענער נאָך אַלץ ניט מאַכען קיין סוף פֿון דעם בלוטפֿערגיסען.

אין ענגלאַנד האָט געמאַכט אַ שטאַרקען רושם דער טויט פֿון דעם הערשער פֿון אַפֿגאַניסטאַן, דעם עמיר עבדורחמן. אַפֿגאַניסטאַן איז אַ זעלבסשטענדיגע מלוכה, וואָס ליגט צווישען די רוסישע לענדער אין אַזיען און אינדיען. אַזוי ווי אַפֿגאַניסטאַן ליגט אויף דעם וועג קיין אינדיען, דערום סטאַרעט זיך ענגלאַנד שוין פֿון לאַנג אָן צו האָבען אַפֿגאַניסטאַן אויף איהר זייט. מיט ענגלאַנד'ס געלד האָט דער עמיר עבדורחמן בעפֿעסטיגט זיינע גרענעצען אויף רוסישער זייט. דער עמיר אַליין קריגט געהאַלט פֿון דער ענגלישער רעגירונג און בעקומט ענגלישע אָפֿיצירען פֿאַר זיין חיל. עבדורחמן איז שטענדיג טריי געווען ענגלאַנד, און כל־זמן ער איז געזעסען אויף דעם טהראָן זענען די ענגלענדער זיכער געווען, דאָס זיי האָבען אין אַפֿגאַניסטאַן אַ נוטע בעוואָרעניש געגען רוסלאַנד. איצט האָט דעם טהראָן בעשטיגען איינער פֿון דעם פֿערשטאָרבענעמס פֿיער זיהן חביב־אוהלאַ. הגם אויך ער איז אַ פֿריינד פֿון דער ענגלישער רעגירונג, אָבער אַזוי ווי זיין מוטער איז נור געווען אַ קעפּס־ווייב, איז מען נאָך ניט זיכער, אויב ער וועט ווערען אַנערקענט פֿון דעם גאַנצען לאַנד. די ענגלענדער האָבען דערום מורא, עס זאָל ניט אַרויסשטעלען פּרעטענזיעס אויף דעם אַפֿגאַניסטאַנער טהראָן איין אַנדער פּרינץ, וועלכער קען אויך געפֿינען שטיצע אין דער רוסישער רעגירונג.

אין דייטשלאַנד איז מען נאָך אַלץ פֿערנומען מיט דער פֿראַגע וועגען די נייע טאַריפֿען און וועגען די האַנדעלסקאָנטראַקטען. די רעגירונג פֿון גראָסהערצאָגטהום באַדען און די פֿרייע האַנדעלסשטעדט האַמבורג, ברעמען און ליובעק זענען שאַרף אַרויסגעטרעטען געגען די פֿאָרגעשלאָגענע נייע טאַריפֿען. דערהויפּט אָבער וועט זיך דייטשלאַנד מוזען רעכענען מיט דער בענעהמונג פֿון די אויסלענדישע מלוכות. רוסלאַנד, ווי די רעגירונג האָט ניט איין מאָל שוין געלאָזט וויסען, וועט אויף די דייטשע טאַריפֿען ענטפֿערען מיט הויכע אָבצאָהלונגען אויף די דייטשע סחורות. אין עסטרייך ווערט אויך איצט אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פֿון נייע טאַריפֿען, אין וועלכען עס זענען שטאַרק געהעכערט די אָבצאָהלונגען אויף דייטשע פּראָדוקטען. אויך רומעניען האָט איצט מודיע געווען, דאָס אויב עס וועט אָנגענומען ווערען אין דייטשלאַנד דער נייער פּראָיעקט, וועט רומעניען ניט בענייען איהר האַנדעלסקאָנטראַקט מיט דייטשלאַנד, וועלכער געהט אויס אין יאָהר 1903.

אין עסטרייך זענען איצט וויבאָרעס אין דעם לאַנדטאַג פֿון בעהמען. דערווייל זעהט מען, אַז עס ווערען פֿערשטאַרקט די שאַרף ענטגעגענגעזעטצטע פּאַרטייען. דערהויפּט איז שטאַרקער אַרויס פֿון די נייע וויבאָרעס די „אַלדייטשע פּאַרטיי“, וואָס וויל ניט מאַכען קיין שום פּשרות מיט די טשעכען, וואָס וויל ערקלערען אַ אָפֿענע מלחמה דער טשעכישער שפּראַך און דער טשעכישער נאַציאָן.

י. ל.

---

## בריעף פֿון לאָנדאָן.

(ענדע).

די אָרימע האָלענדישע יודען, וואָס האָבען שפּעטער אָנגעהויבען קומען אַהער, האָבען זיך ניט גענומען צו אַרבייט אויס דער איינציגער אורזאַכע, וואָס זיי האָבען זי ניט געקראָנען. זיי זענען דאָ דערום געוואָרען הויזירער און סוחרים פֿון אַלטע קליידער. דער נאָמען פֿון הענדלער מיט אַלטע זאַכען איז ער־היום פֿערבליבען פֿאַר יודען, חאָטש דער האַנדעל דערמיט איז אין גאַנצען אונטערגעגאַנגען, זינט די רוסישע יודען האָבען אָנגעהויבען צו פּראָדוצירען נייע קליידער אַזוי ביליג, דאָס אַלטע לוינט זיך ניט אין האַנד צו נעהמען.

אין מיטען פֿון פֿאָריגען יאָהרהונדערט זעהען מיר, ווי רוסישע יודען הויבען אָן צו קומען אַהער. אַרבייטער אין די פֿאַבריקען קאָנען זיי ניט ווערען, ווייל מען נעמט זיי ניט אַריין. מיר זעהען, ווי עס עפֿענען זיך אויף קליינע וואַרשטאַטען פֿון שניידער און שוסטער, וואָס אַרבייטען נור פֿאַר די עמיגראַנטען. דער שניידער נייט פֿאַר'ן שוסטער און דער שוסטער פֿאַר'ן שניידער. כדי צו האָבען שטענדיג אַרבייט, דאַרפֿען די דאָזיגע וואַרשטאַטען אַרויסברענגען ביליגע אַר־

טיקלען. דאָס איז דער אָנהויב פון דעם בעקאַנטען „שווייס־סיסטעם“.
דער שניידער פון רוסלאַנד פּאַסט זיך צו צו די נייע פאָדערונגען;
די נויט לערענט איהם אויס די ארבייט צו טהיילען און צו גלידערן
אין שטיקליך, כדי זי זאָל אַוועקנעהמען וואָס ווענינער צייט און זאָל
ארויסקומען גלאַטער. די פּרייזען, וואָס ער נעמט, זענען קליינע, ער
האָט אָבער ניט נייטיג גראָד שניידער צו זיין ארבייט: אַ מענש, וואָס
האָט קיין ארבייט געלערענט, געוועהנט זיך גיך אויך צו נייען מיט
דער מאַשין, צו פּרעסען אַ פאַרטינען ראָק אָדער אייננייען ארביל אין
אַ בגד. אין לאָנדאָן קריגט איהר שטענדיג אַזעלכע, וואָס ווילען אר־
בייטען פון פריה ביז שפּעט, אום נור עפּיס צו פערדינען. דער
עמיגראַנט האַלט די קליינע שניידער־וואַרשטאַטען פאַר דעם איינצי־
גען אָרט, וואו ער קאָן פערדינען פאַר זיין לעבען. אַנדערש וואו
נעמט מען איהם ניט אריין, ער ווערט אַ שניידער, אָדער אַ צעהנט־
חלק פון אַ שניידער, ארבייט פאַר ביליג. זיין מייסטער אָבער נוצט
איהם אויס. מיט דער הילף פון אַזעלכע ארבייטער מאַכט ער אַ ראָק
ביליגער און בעסער פון ענגלישען ארבייטער, אָדער ער מאַכט אַזעלכע
ארטיקלען, וואָס קיין ענגלענדער וואָלט זיי אין האַנד ניט גענומען.
און אַזוי זעהען מיר ווי אַ גאַנצער מין פּרנסה ליגט נור אין יודישע
הענד: עמיגראַנטען קומען אָן און ווערען שניידער אין די קליינע
וואַרשטאַטען.

אין די אַכציגער יאָהרען האָט זיך די עמיגראַציע אָנגעהויבען
מאַסענווייז. די ענגלענדער האָבען די גרעסטע סימפּאַטיע אויסגעדריקט
צו די עמיגראַנטען. דער לאָרד־מער האָט געזאַמעלט אַ פאָנד פאַר
די אָרימע יודען, איין זאַך איז אָבער געבליבען ניט געטהון: די ענג־
לישע פאַבריקען זענען פאַר די יודען ניט געעפענט געוואָרען.

עס זענען אהער געקומען נוטע וועבער און שפּינער פון לאָדז
און ביאַלעסטאָק, מענשען, וואָס זענען קינצלער אין זייער פאַך. און
ניט איינער פון זיי האָט געקראָגען ארבייט אין די גרויסע וואָהל־
פאַבריקען. עס זענען געקומען אהער גוטע מעכאַניקער, אַזעלכע וואָס
האָבען געענדיגט אַ טעכנישע שול אין רוסלאַנד, און ניט איינער פון
זיי האָט געקראָגען ארבייט אין די אייזען און שטאָל פאַבריקען. איך
האָב בעגעגענט אין מאַרסייל יודען, וואָס ארבייטען בייין האַפען אין
דער לאָדונג און אויסלאָדונג פון שיפען. יודען ארבייטען ביי די
באַהנען אין פּאַריז, ניט איין יוד אָבער קאָן קריגען ארבייט אין ענג־
לאַנד ארום די שיפען און די באַהנען. עס איז קיין געזעץ נישטאָ,
וואָס זאָל די יודען פערוועהרען דאָרטען צו ארבייטען, דאָס איז אָבער
אַ מנהג, אז מען נעמט קיין יודען נישט צו אפילו אין דער צייט,
וואָס דאָרטען זאָל זיין ארבייט איבער׳ן קאָפּ.

אין דער צייט פון דעם גרויסען סטרייק ביי׳ן האַפען אין הול,
אין דעם יאָהר 1893, האָט די קאָמפּאַניע געבראַכט יודישע ארביי־
טער פון לאָדז און לאָנדאָן. די ענגלישע ארבייטער האָבען זיך אָבער
אָבגעזאָגט מיט זיי צו ארבייטען און מען האָט זיי געמוזט גלייך צוריק
אָבשיקען.

און אַזוי האָבען די יודישע ארבייטער, די יודישע עמיגראַנטען
געפונען, דאָס אַלע קוועלען פון לעבען זענען פאַר זיי פערמאַכט און
האָבען אַליין געמוזט בעשאַפען אינדוסטריען, פון וועלכע זיי זאָלען
זיך קאָנען ערנעהרען. זיי זענען געוואָרען שניידער און שוסטער, ווייל
דאָס איז געווען די איינציגע זאַך, וואָס איז פאַר זיי געווען אָפען,
ווייל לאַנגזאַם האָבען זיי דאָס אַליין ענטוויקעלט. די נויט איז דער
בעסטער לעהרער און האָט די יודען אויסגעלערנט צו מאַכען די
ביליגסטע ארטיקלען אַזוי גלאַט און אַזוי פיין וואו די גוטע. דאָס־
זעלבע איז דער פאַל מיט יודישע שוסטער און מיט יודישע סטאָ־
לערס.

דאָס איז דער סוד, וואָס יודען זענען דאָ פערבליבען ביי צוויי
אָדער דריי מלאָכות: דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי האָבען קיין בע־
שעפטיגונג ניט געקאָנט קריגען אַ חוץ אין די אינדוסטריען, וואָס זיי
האָבען אַליין געמאַכט, און בלויז אַזעלכע אינדוסטריען האָבען דאָ די
רוסישע יודען געקאָנט מאַכען, וועלכע פאָדערן ניט קיין גרויסע קאַ־
פּיטאַלען, גרויסע פעהיגקייטען, אַ גרויסען אונטערנעמונגסגייסט אָדער
אַ הויכע בילדונג. אַ רוסישער יוד קאָן דאָ מאַכען אַ קליינע שניידער־
וואַרשטאַט, ער קאָן דאָ ווערען אַ קליינער שוסטער אָדער אַ קליינער
סטאָלער, דאָס פאָדערט פון איהם ניט צופיעל. די גאַנצע קונסט,
וואָס דאָ ליגט, איז נור, ווי אַזוי ארויסצובריינגען דעם ארטיקעל
גלאַטער און ביליגער. דער רוסישער יוד האָט דאָ אָבער ניט געקאָנט
עפענען גרויסע וועבערייען, גלאָז־פאַבריקען, אייזען־פאַבריקען, א. ד. ג.
דען דערצו זענען נייטיג מיליאָנען קאַפּיטאַל, אַ גרויסער אונטערנע־
מונגסגייסט און אַ הויכע בילדונג. און אויב די רוסישע יודען האָבען
אַזעלכע פאַבריקען ניט געקאָנט גרינדען, האָבען די רוסישע ארבייטער
דערביי קיין בעשעפטיגונג ניט געקאָנט געפינען.

דאָס איז אויך די סבה, וואָס האָט די עמיגראַנטען צוזאַמענגע־
פּרעסט אין ווייטשעפּעל. דער יודישער שניידער אָדער שוסטער מוז
וואָהנען ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו ער קריגט ארבייט. אויב ניט
וועט ער אַ שטאָך מלאָכה ניט האָבען.

דיזעלבע אבשטויסונג איז אויך צו זעהן אין געזעלשאַפטליכען
לעבען. דאָס זענען געשיכטען, וואָס קומען פאַר אַלע טאָג, דאָס
יודען ווערען אויסגעשלאָסען פון ענגלישע קלובס. און דאָס זענען
ענגלישע יודען, וואָס האָבען געהאַט ענגלישע ערציהונג, וואָס זענען
ענגלענדער פון קאָפּ ביז די פיס. דאָס איז ניט אומזיסט, וואָס די
קהלה, וואָס שרעקט זיך פאַר די גרינדונג פון אַ יודישען האָספּיטאַל,
ווייל נאָך איהר שיטה טאָר מען זיך ניט אָבזונדערן פון די קריסטען,
האָט דאָך אויפגעבויט אַ גרויסען קלוב פאַר די יודישע ארבייטער
(איך מיין פאַר די געבאָרענע אין ענגלאַנד). דאָס איז דערפאַר, ווייל
זי האָט איינגעזעהן, דאָס די יודישע ארבייטער ווערען ארויסגעשטופּט
פון דעם ענגלישען קלוב. אויס דעמזעלבען גרונד האָט מען אויך
געגרינדעט אַ בעזונדער פּולק פאַר די יודישע קינדער סאַלדאַטליך (די
דזואיש לעדס בריגייד), ווייל די קריסטליכע קינדער ווילען ניט זיין
צוזאַמען מיט די יודישע. ניט נור ארבייטען, נאָר אויך שפּילען און
אונטערהאַלטען זיך דאַרפען די יודען בעזונדער.

די יודישע גהעטאָ איז געווים שלעכט, אָבער קיינער קאָן צו
איהר ניט העלפען. דאָס קומט פון די געוויסע סבות, וועלכע מיר
האָבען בעשריבען און וועלכע זענען שטאַרקער פאַר אונזער ווילען.
זיי האָבען די יודען צוזאַמענגעפּרעסט און האַלטען זיי פעסט צוזאַ־
מען. די יודישע עמיגראַנטען מוזען פערבלייבען אין ווייטשעפּעל, ווייל
אַנדערש־וואו קאָנען זיי זיך ניט ערנעהרען. אַ יוד געהט ערשט דאַן
ארויס פון ווייטשעפּעל, ווען ער מאַכט זיך אַ פערמעגען. שרייען גע־
גען די גהעטאָ איז פונקט ווי פּראָטעסטירען געגען די לאָנדאָנער
טומאַנען אָדער רעגענס. דאָס איז שוין דער מזל פון דעם רוסישען

יודען פערשוואַרצט צו ווערען, וואו ער קומט. די נהעטאָ׳ס וועלען פערשווינדען, ווען דער גלות וועט זיך ענדיגען.

אונזערע גרויסע יודען מיט זייערע פיינע פלענער ווייזען נאָר, ווי וועניג זיי פערשטעהען די צושטענדע און וואָס פאַר א שוואַכען בעגריף זיי האָבען וועגען דעם שווערען לעבען פון די רוסישע עמיגראַנטען. מיר ווייסען ווירקליך נישט, וואָס צו זאָגען אויף די אלע פלענער, אויב מיר זאָלען פון זיי לאַכען אָדער בעדויערן.

די נהעטא איז איין עקאָנאָמישער רעזולטאַט און וועט ניט אָבגעשאַפט ווערען דורכ׳ן אָבשפרעכען איין עין־הרע.

י. ל. דאַלידאַנסקי.

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

אלע רעכטע, געלאַכט מיט יאשטשערקעס, אין א יודישע הויט.

יודען האָבען בעקומען אַלע רעכטע.

ענדליך וועלען זיי פון איצטער אָן זיין גלייך מיט אַלע.

אַזוי פיעל יאָהרען האָבען אַלע נעמענט און זיי האָבען ניט געטאָרט. אַזוי פיעל יאָהרען זענען זיי נעוועזען צו שאַנד און שפּאָט און איצטער זענען זיי גלייך מיט אַלע. פריהער האָבען זיי נעהאַט נור רעכט אין די יודישע שטעדטליך און איצטער האָבען זיי דאָס רעכט גלייך מיט אַלאַ אויסער די יודישע שטעדטליך.

וואָס פאַר אַ גרויסע שמחה, וואָס פאַר אַ גליק, אַ ישועה אויף יודען! און די שמחה איז טאַקע נעוועזען זעהר גרויס אויף דעם בית־הקברות נעבען יודישען שטעדטיל קאמענעץ־ליטאווסק (גראָדנ. גוב.).

מעהר פון צוויי יאָהר, שרייבט דער „וואָסחאָד“, האָבען די דאָרטיגע יודען זיך משתדל נעווען, אַז מען זאָל זיי ערלויבען קויפען פעלד אויף מְקַבֵּר צו זיין יודישע מֵתִים אויסער דער שטאָדט, דאָס הייסט דאָרט וואו יודען טאָרען ניט וואָהנען. מקבר זיין מתים אין שטעדטיל, וואו יודען וואָהנען אַזוי אויך אין ענגשטאַפט, האָט ערשטענס די סאַניטאַרנע קאָמיסיע ניט ערלויבט, עס איז ניט געזונד לעבעדיגע זאָלען מיט טויטע וואָהנען צוזאַמען, האָט די קאָמיסיע נעזאָגט, און צווייטענס, האָבען די יודען זעלבסט נעטענה׳ט, אַז מיט מתים איז ניט פרעהליך צו וואָהנען און האָבען געוואָלט פאַר אַ בית עָלְמִין קויפען אַ פלאַטץ אויסער דער שטאָדט, נאָר דאָ האָט מען זיי געזאָגט אַז אויסער דער שטאָדט האָבען יודען „קיין רעכט ניט“, האָבען די קאַמענעץ־ליטאווסקער יודען אָנגעהויבען זיך משתדל זיין אין די גרויסע פענסטער. נאָך גאַנצע צוויי יאָהר איז ענדליך אָנגעקומען אַ פּאַפּיער, אַז יודישע מתים האָבען דאָס רעכט אומעטום צו וואָהנען גלייך מיט אַלע אפילו אויף דעם פעלד אויסער די יודישע שטעדט.

און די שמחה פון דער גרויסער ישועה איז צווישען די יודישע מתים אויף דעם קאַמענעץ ליטאווסקער בית־הקברות זעהר נעוועזען גרויס.

נאָך אַ האַלבע נאַכט אין דער צייט, ווען די העהנער הויבען אָן צו קרייען אין די מתים שטעהען אויף פון זייערע קברים, איז געווען אַ גרויסער טאַנץ־אָווענד אויף דעם בית הקברות. מאַנסבילען אין די טַלִיתִים און ווייבער מיט קינדער אין ווייסע תַּכְרִיכִים האָבען געטאַנצט די גאַנצע נאַכט איבער די קברים. אַ גרויס הילעכדיג געלעכטער פון שמחה האָט זיך די נאַכט געהערט אויף דעם בית הקברות, אַז די בית הקברות־בוימליך האָבען זיך פון זייער גרויס טויט־געלעכטער געשאָקעלט און די מַצֵבוֹת האָבען אויך מיטגעטאַנצט.

דאָס טאַנצען און געלעכטער האָט געדויערט די גאַנצע נאַכט, ביז אין ווייסען טאָג, ווען די העהנער האָבען דאָס לעצטע מאָל געקרייעט.

אַזוי גרויס איז נעוועזען די שמחה. קען דען זיין אַ גרעסערע שמחה ווי אַלע רעכטע צו בעקומען! אמת, נור יודישע מתים האָבען בעקומען אַלע רעכטע, נו וואָס זשע איז? פון איצט אָן קען שוין יעדער יוד האָפען, אַז סוף כל סוף וועט ער האָבען אַלע רעכטע, ווען ניט אויף דער וועלט, איז חאָטש אויף יענער וועלט.

דאָס גאַנצע יודישע לעבען איז נור האָפענונג.

מילא יודישע מתים האָבען ב״ה אַלע רעכטע, מען מעג שוין קויפען פאַר זיי אַ פלאַטץ אויסער דער שטאָדט, וואו לעבעדיגע יודען טאָרען ניט וואָהנען. וואָס טהוט מען אָבער איצטער מיט אַ קברות־יוד, וועלכער מוז דורכאויס זיין אַ לעבעדיגער יוד און מוז וואָהנען נעבען בית־הקברות.

מיט דער שווערער פראַגע טראָגען זיך אַרום די קאַמענעץ־ליטאווסקער יודען און ווילען בעטען, אַז מען זאָל אויף דעם בית־הקברות ערלויבען וואָהנען אַ קברות־יוד.

און הס־ושלום טאָמער זאָגט מען אָב זייער ביטע און קיין קברות יוד וועט מען ניט נעבען קיין רעכט צו וואָהנען אויסער דער שטאָדט, דאַן וועלען קאַמענעץ־ליטאווסקער יודען מוזען דאָרט אַני־דערזעצען פאַר אַ קברות יוד אַ דאָקטאָר, אַ אינזשענער אָדער אַ יוריסט, מיט איינעם וואָרט אַזאַ יודען, וואָס האָט אַ דיפלאָם. אז ער האָט געענדיגט „אוניווערזיטעט“ און האָט אַלע רעכטע אומעטום צו וואָהנען.

אַז מען זאָל מעגען זיין אַ ראַבינער איז גענוג צו האָבען אַ דיפלאָם פון אַ גימנאַזיע און אַז מען זאָל מעגען ווערען אַ קברות־יוד, מוז מען האָבען אַ דיפלאָם פון אַ אוניווערזיטעט.—

אַלע יודישע שונאים וואָלטען בעדאַרפט זיין אין אַ יודישער־הויט, חאָטש איין יאָהר, איין חודש, דענסטמאָל וואָלטען זיי געקענט און נעוואוסט דאָס יודישע לעבען ווי עס איז אָהן בלבלוים און אָהן חוזק מאַכען.

אין וואַרשאָ געפינען זיך עטליכע פוילישע צייטונגען, ביי וועלכע קיין איינציגער נומער נעהט ניט אַוועק, זיי זאָלען ניט אָנפאַלען און חוזק מאַכען פון יודען אָדער אויסטראַכטען אויף יודען אַזוינע זאַכען, וואָס איז ניט געשטויגען און געפלויגען, און עס וויל זיך נור לאַכען מיט אַזאַ געלעכטער ווי די מתים אויף דעם קאַמענעץ־ליטאווסקער בית הקברות.

ברענגען אַלעס, וואָס זיי טראַכטען אויס, וואָלט דער פלאַץ פון אונזער צייטונג ניט געסטאַיעט. דערצו האָט זיך דער מאַטעריאַל אָנצופאַלען אויף יודען אין דער לעצטער צייט זיך ביי זיי שטאַרק פערגרעסערט. זיי האָבען אָנגעהויבען לעזען העברעאישע און יודישע צייטונגען. עס פעהלט ניט די וואָך, זיי זאָלען ניט ציטירען פון „יוד“, „הצפירה“ און פון „המליץ“. אפילו פון דעם אומגליקליכען זשורנאַל „הַפֶּלֶס“ און אַלעס דרעהען זיי איבער מיט דעם קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף, אום צו שטעלען זעלבסט די יודישע צייטונגען פאַר עדות, אַז זיי אַליין זענען מודה, דאָס יודען זענען וואָס אין דער קאָרט, יודען זענען שעדליך.

אַזוי לעזען די פוילישע צייטונגען העברעאיש און יודיש.

איך וואָלט אָט די אַלע פוילישע העברעאיסטען נעראָטען, זיי זאָלען פרעגען זייערע פוילישע יונגע לייט, וועלכע האָבען היינטיגס יאָהר געהאַלטען עקזאַמען אין די בערג־אַקאַדעמיע (גאָרני אינסטיטוט), וואו מען האָט זיי מודיע געווען אַז פאַר זיי און פאַר יודען זענען דאָ „פּראָצענטען“. וואָס וואָלטען די פוילישע יונגע לייט, וועלכע האָבען זיך איין מינוט געפונען אין אַ יודישער הויט, געזאָגט אויף די פוילישע שרייבער וועלכע פאַלען אַן טאָג און נאַכט אויף ודען?

זיי וואָלטען אויך געלאַכט מיט אַ מתים־געלעכטער...

אֱ מֶ ת.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** *** די וויענער „חברה צו פערשאַפען אומזיסט שטעלען“ האָט פערשיקט צו אַלע יודישע צייטונגען אַ בעריכט פון איהר טהעטיגקייט ביז צום 5־טען אָקטאָבער און צוגלייך מיט דעם בעריכט ווענדט זי זיך צו די פערשידענע ארבייטגעבער אַז זיי זאָלען זיך ווענדען צו דער חברה ווען זיי זוכען ארבייטער און אנגעשטעלטע, פון יעדען פאַך. זייט די חברה איז געגרינדעט, נאָוועמבער 1899 ביז איצט, האָט זי פערשאַפט שטעלען פיר 2777 מענשען פון די פאָלגענדע פעכער: פשוט'ע בעלי־מלאכות — 1775; פריקאַשציקעס — 703 אין דער אבטהיילונג פיר פרויען — 830; לעהרער און ערציהער — 70.

*** דען 31 יולי זענען בעשטעטיגט געוואָרען די תקנות פון דער קראָקויער אבטהיילונג פון דער חברה „בני ברית“, צו שטיצען יודישע אָרימע אין גאַליציען. פאָריגען חדש איז געווען איין אסיפה פון דער „בני ברית“ אין קראָקוי, אין וועלכער דער פרעזידענט האָט פאָרגעלייענט דעם בעריכט פון וויענער צענטראַל־קאָמיטעט. דער קאָמיטעט האָט איינגעזעהען אַז דאָס בעסטע מיטעל צו העלפען די אָרימע איז זיי צו שאַפען הויזארבייט; דער קאָמיטעט האָט זיך געסטאַרעט ביי אַ וויענער עקספּאָרט־פירמע, וועלכע פערשיקט קיין אויסלאַנד פערשידענע האַנדאַרבייטען פון האָר און זייד, אַז זי זאָל אויך איבערנעהמען אַזעלכע אַרבייטען פון גאַליצישע פאַמיליעס און בערך 10,000 יודישע פאַמיליעס אין גאַליציען וועלען דאַדורך האָבען בעשעפטיגונג. די פירמע האָט פאַר 2 חדשים אַראָבגעשיקט אַ דעלעגאַט און 11 לעהרערינס פון פערשידענע שטיקעריי־ארבייט אין עטליכע גאַליצישע שטעדט, וועלכע וועלען אומזיסט אויסלערנען די מלאכה יונגליך און מיידליך. די אַרבייטען זענען זעהר גרינג צו לערנען און פיעל האָבען זיך דערצו גענומען. אָנהויב פאָריגען חדש האָבען שוין געאַרבעט שטריקעריי־ארבייטען: אין דאָמבראָווא 72, ראָזוואַדאָוו 78, וויזשניצא 26, מיעלעץ 52, דוקלא 59, קרשאַנאָוו 42, יאגעלניצא 80, זאַלעשציקי 60, טלוסטע 42 יודען. דער פערדינסט פון די יונגליך און מיידליך איז ביז $1\frac{1}{2}$ קראָנען טעגליך יעדער נאָך זיין ארבייט נאָך און די צאָהל פון די הויזאָרבייטער וועט מיט יעדען טאָג גרעסער ווערען. איצט פאָהרען די 11 לעהרערינס אין אַנדערע שטעדט, כדי אויך דאָרט אויסצולערנען די מלאכה. דער קאָמיטעט האָפט אַז עס וועט איהם געלינגען צו געפינען נאָך אַנדערע פירמעס וועלכע וועלען ביי דיזע אַרבייטער זייער סחורה אָבנעהמען און פערברייטען אין דער וועלט, און אַז דאַדורך וועט אריינגעטראָגען ווערען ארבייט און פרנסה אין פיעלע יודישע פאַמיליעס וועלכע לעבען אין גרעסטען דחקות.

*** אין אַ וויענער אַנטיסעמיטישער צייטונג איז געדרוקט געוואָרען איין אַרטיקעל וועלכער האָט שטאַרק מבזה געווען די יודישע רעליגיאָן און אויך די קריסטליכע, ווייל זי שטאַמט אָב פון דער יודישער. דער פּראָקוראָר האָט קאָנפיסצירט דעם אַרטיקעל און אויסגעשטריכען די שטעלען געגען די קריסטליכע רעליגיאָן און מאַנכע בעליידיגונגען געגען די יודישע רעליגיאָן זענען פערבליבען. די וויענער חברה „איזראַעליטישע אוניאָן“ האָט זיך דעריבער בעקלאַגט ביים יוסטיץ־מיניסטער און ער האָט מבטיח געווען, אַז ער וועט דעם פּראָקוראָר בעפעהלען צו בעשיצען די יודישע רעליגיאָן געגען בעליידיגונג אַזוי גוט ווי די קריסטליכע.

*

**רוסלאַנד.** — דעם „וואָסכאָד“ איז מען מודיע, אַז אין מיניסטעריום פון פאָלקסבילדונג ווערט איצט בעקלערט אַ וויכטיגע רעפאָרמע פון דעם לערנען אין די חדרים. עס ווערט נעמליך געפּלאַנט איינצופיהרען, אַז מען זאָל אין די חדרים מחויב זיין צו לערנען די רוסישע שפראַך און רעכנען, אַזוי אַז די חדרים זאָלען זיין עהנליך צו די רוסישע שולען פון שרייבען און לייענען. דאַביי וועט מען פאָדערן פון די מענשען, וועלכע האַלטען אויף חדרים, אַז זיי זאָלען בעזיצען די בילדונג פון איין עלעמענטאַרלעהרער. די דאָזיגע מלמדים, וועלכע האָבען שוין די ערלויבניש אויפצוהאַלטען חדרים, וועלען זיי אויך ווייטער האָבען, נאָר מיט דעם בעדונג אַז עס זאָל ווערען איינגעפיהרט דאָס לערנען פון אַלגעמיינע למודים.

— אין אָנהויב פון אָקטאָבער וועלען זיך אָנהויבען די עקזאַמענס אין דער ווילנער האַנדעלסשולע. היינטיגס יאָהר וועלען געעפענט ווערען נאָר די פּאַראַלעל־קלאַסען. פּאַרבערייטונגס קלאַס און די ערשטע צוויי קלאַסען. אין יעדער קלאַס וועלען ווערען צוגענומען נישט מעהר ווי 40 שילער, פון וועלכע די העלפט וועט זיין יודען. סך הכל זענען אריינגעקומען ביטען אין דער שולע 550 און נור $^1/_5$ פון זיי וועט היינטיגס יאָהר ווערען צוגענומען אין די שולע.

— פון 160 פאַרמאַצעווטען יודען, וועלכע האָבען אָנגעגעבען ביטען, אַז מען זאָל זיי צולאָזען הערען לעקציעס פון פּראָוויזאָר־קורס אין חאַרקאָווער אוניווערזיטעט, זענען נור 4 צוגענומען געוואָרען. אויסער דעם האָט די פערוואַלטונג פון אוניווערזיטעט בעשלאָסען צו סטאַרען זיך ביים מיניסטעריום וועגען צונעהמען נאָך 48 יודען, וועלכע געבען שוין אָן ביטען דאָס דריטע מאָל און בעזיצען אַטעסטאַטען פון 6 קלאַסען גימנאַזיע.

— די קיעווער פּאָליציי, וועלכע איז בעקאַנט מיט איהר אייפער צו כאַפּען יודען און אַרויסצושיקען זיי פון קיעוו, האָט שוין אַזוי ווייט איבערגעכאַפּט די מאָס, אַז דער קיעווער פּאָליצמייסטער אַליין האָט געהאַלטען פאַר נייטהיג צו דערמאַהנען זיי אין אַ בעזונדערען צירקולאַר, אַז זי האָט נישט קיין רעכט צו אַרעסטירען יודען, וועלכע האָבען נישט דאָס רעכט צו וואָהנען אין קיעוו, אויף די גאַסען אין מאַגאַזינען אָדער אין אַנדערע עפענטליכע ערטער. אין מאַגאַזינען קענען ווערען פערהאַלטען נור פּריקאַשציקעס, וועלכע האָבען נישט דאָס רעכט צו וואָהנען אין קיעוו.

— אין „וויעד' אד' גר'“ שטעהט, אַז די אַרבייטער אין דער שוך־פאַבריק פון סטינסקי — סאָסנאָוו, ליעבערמאַן, קאָוונער, זינגער, פעלדמאַן און שאַצקי, פערזאַמלענדיג זיך אויף דער באַזאַרנער גאַס, האָבען געמאַכט אַ גערודער און געשלאָגען די מייסטערס וויצמאַן און בראַנשטיין, כדי צו שטערען זיי אין זייער אַרבייט אויף דער פאַבריק, און דערמיט האָבען זיי עובר געווען אויף דעם פּונקט 22 פון דעם בעשלוס, אַז מען טאָר זיך נישט צוזאַמענקלייבען אויף די גאַסען און מאַכען גערודערס. דער אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט דערום בעשלאָסען צו אַרעסטירען די אויבען דערמאַהנטע פּערזאָנען אויף 3 חדשים יעדען.

— לויט השתדלות פון די חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען אין רוסלאַנד האָט דער מיניסטער דעם אינערען בעשטעטיגט אייניגע ענדערונגען און הוספות צו די תקנות פון דער חברה. די הויפּטענדערונגען בעשטעהען אין דעם, דאָס די חברה בעקומט די ערלויבניש צו קויפען אונבעוועגליכע גיטער אין די ערטער, וואו יודען איז ערלויבט אַזעלכע צו קויפען, צוצונעהמען מיטגליעדער — מעוררים, וועלכע צאָהלען 5 רובל יעהרליך, און צו מאַכען אַ רעוויזיאָנסקאָמיסיאָן. דאַגעגען איז נישט ערפילט געוואָרען די ביטע פון דער חברה צו ערלויבען איהר עפענען שולען פאַר יודען און עס איז אויך אויסגערעדט געוואָרען בפירוש אין אַ בעמערקונג, אַז זי האָט נישט דאָס רעכט אַרויסצוגעבען צייטונגען און זשורנאַלען.

— די „חברה צו העלפען יודישע אָרימע לייט“ אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט „אַ ביוראָ אויסצוזוכען אַרבייט“, במשך פון 10 חדשים זייט דאָס ביוראָ עקזיסטירט, האָבען זיך געווענדט צו איהם 1691 מענשען, בעקומען אַרבייט האָבען נור 214 ווייל פיעל פון די, וועלכע האָבען געזוכט אַרבייט, זענען געווען אונפעהיג צו איהר, און צווייטענס איז בכלל שלעכט די צייט און עס איז שווער צו קריגען אַרבייט.

— דעם 2 אָקטאָבער האָט זיך אָנגעהויבען מיט ערלויבניש פון דער פּאָליציי די ציוניסטישע ראַיאָן־אסיפה אין פּאָדאָליען און בעסאַראַביען. די אסיפות וועלען דויערען ביז דעם 5־טען.

— דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז יודען — מייסטערס מעגען אַרבייטען אויף זאַוואָדען אין פאַבריקען אויסער דער טשערטאַ, ווייל אַזאַ מין אַרבייט הייסט אַ צייטווייליגע און איז נישט פערבאָטען דורך די געזעצען איבער דאָס וואָהנרעכט פאַר יודען.

— דעם „אָדעס. נאָוו.“ איז מען מודיע, אַז די יעקאַטערינאָסלאַווער יודישע קהלה מאַכט אַ פּראָבע צו לערנען יודישע קינדער ערדאַרבייט. די קהלה האָט געשענקט 2,500 רובל אַלס יעהרליכע שטיצע דער יעקאַטערינאָסלאַווער שולע פון גערטנעריי מיט דעם תנאי, אַז זי זאָל אויפנעהמען 15 יודישע שילער. די שולע האָט נישט געקאָנט אויפנעהמען מיט אַמאָל 15 יודען און זי וועט היינטיגס יאָהר צונעהמען נישט מעהר ווי 4 און די איבריגע 11 שילער וועט זי צונעהמען מיט אַ יאָהר אָדער 2 יאָהר שפּעטער. אין פריהלינג 1902 וועט די יודישע קהלה צובויען אין שולע אויף איהר רעכנונג נאָך אַ פליגעל, כדי צו געבען דער שולע די מעגליכקייט צו פערגרעסערען בכלל די צאָהל פון שילער.

— אין מינסק האָבען זיך אָנגעהויבען פעראיינינגען אויסער די פּריקאַשציקעס אויך די בעלי מלאכות. ווי עס איז מודיע דער „מינסקי ליסטאָק“, איז געווען מיט ערלויבניש פון פּאָליציימייסטער אַ פערזאַמלונג פון די יודישע אַרבייטער אוים דעם סטאָליאַר־צעך. דער צוועק פון דער פערזאַמלונג איז געווען צו בעקלערען די תקנות פון אַ „קלוב פון יודישע האָלץ־אַרבייטער“, לויט דעם פּראָיעקט, וועלכען די קאָמיסיאָן האָט פאָרגעשטעלט. די תקנות זענען געוואָרען אָנגענומען נאָך קורצע וכוחים. נאָכהער האָט די פערזאַמלונג אָנגענומען די פאָלגענדע בעשליסע: 1) פאָרצושטעלען די תקנות צום בעשטעטיגען פאַר דעם

מיניסטער פון אינערען, און אלס גרינדער זאלען זיך אונטערשרייבען די בעלי־מלאכות, וועלכע געהערען צו דער קאמיסיאן. 2 איידער די תקנות וועלען בעשטעטיגט ווערען, זאלען זיך די בעלי מלאכות פערזאמלען יעדען שבת לויט ערלויבניש פון זשאנדארסמקי פאלקאווניק, כדי צו בעקלערען די ענינים, וועלכע זענען נוגע זייער מלאכה און צו שמועסען כבת די דאזיגע ענינים. 3) צוציעהען צו די פערזאמלונגען און אונטערהאלטונגען וואס מעהר האלץ־ארבייטער.

= דער בעוואוסטער פראצעס פון ביאנדעס, וואס איז פאר א יאהרען פארגעקומען אין ווילנא, וועט איצטער ווידער פארקומען צום צווייטען מאל אין ווילנער סודעבנער פאלאטע דעם 9־טען אוועמבער.

*

**דייטשלאנד.** = אין טוכעל (געבען קאניץ) איז נאך פאריגעס יאהר געווען א פאגראם, פון וועלכען עס האט בעזאנדערס געליטען די יודישע שול. די פערוואלטונג פון דער טובעלער ודישער קהלה האט געמאהנט דעם היזק ביי דער שטאדט און שוין 2 מאל געוואונען אין געריכט.

*

**רומעניען.** = דעם 27 און 38 אקטאבער וועט זיין אין פאקשאני איין אסיפה פון דעלעגאטען פון רומעניזע יודישע קהלות בדי אויסצוארבייטען איין ארגאניזאציאן'ס פראיעקט פון יודיש קהלות און צו בעקלערען די מיטלען ווי צו בעקומען די בעשטעטיגונג פון עם פראיעקט. ביז היינט ווערען די יודישע קהלות נישט גערעכענט פאר „ירידישע פערזאנען" און אלע קהל'שע וואהלטהעטיגע אנשטאלטען היינגען וו אין דער לופטען נישט האבענדיג קיין בעל הבית. פאריגעס יאהר האט דאס ויניסטעריום פון קארפ געהאלטען פאר נייטהיג צו מאכען די יודישע קהלות ואר געזעצמעסיג, נאר, ווי עס זעהט אויס, איז דאס היינטיגע מיניסטעריום נישטמסכים מיט דער מיינונג.

ווי עס פערהאלט זיך בכלל ז רומענישע רעגיערונג צו יודישע אנשטאלטען, קען מען ארויסזעהען פון דעם אזיגען פאל. די יודישע דאקטוירים, וועלכע ווערען נישט צוגעלאזען אין די שפיזעלער, האבען איינגעריכטעט כמעט אין אלע קליינע שטעדטליך פריוואט אבולאטאריען (לעטשעבניקעס) אדער פאליקליניקען אנצונעהמען קראנקע צו א ביליגען פרייז. די דאזיגע פאליקליניקען זענען געווען אומעטום זעהר אנגע'מען ווייל די בעהאנדלונג פון די קראנקע איז געווען זעהר איין אויפמערקזאע און דער פרייז פאר דעם היילען איז געווען א ביליגער. איצט האט זיך ' רעגיערונג אומגעזעהען און ארויסגעגעבען איין געזעץ, לויט וועלכען פאליליניקען מעגען אויפגעהאלטען ווערען נור פון אזויגע דאקטורים, וועלכע האבען רומענער בירגעררעכט, ד. ה. נישט קיין יודען.

*

**ענגלאנד.** = אויף דז פריעדענסקאנגרעס אין גלאזגוי איז בעהאנדעלט געווארען צווישען אנדערעס אויך די טרויריגע לאגע פון די ארמעניער אין טערקיי, בשעת די וכוחים האט איינער פון די קאנגרעסמיטגליעדער דער ענגלענדער ספרינגסמיט געמערקט, אז די לאגע פון די יודען אין פיעל לענדער איז א סך ערגער ווי די לאגע פון די ארמעניער. דער ארמעניער אראקעליאנס האט געענטפערט, אז מיטפיהלענדיג מיט די יודען האלט ער דאך אז די ארמענישע פראגע איז ערנסטער ווי די יודישע דורך דעם, וואס די רעכטע פון די ארמעניער זענען פערזיכערט דורך דעם בערלינער טראקטאט, בעת די יודישע פראגע איז איין אינערליכע און הייגגט אב פון יעדען לאנד בעזונדער. עס האט זיך לייד נישט געפונען קיין איין מענש אויף דעם קאנגרעס, וועלכער זאל דערמאהנען, אז די רעכטע פון די רומענישע יודען זענען אויך פערזיכערט דורך דעם זעלבען בערלינער טראקטאט.

---

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

**דייטשלאנד.** = פראפ' ווירכאווס יובילעאום. דעם 13/10 האט מען געפייערט ן בערלין דעם 80 יעהריגען געבורטסטאג פון פראפ' רודאלף ווירכוו, די גאנצע געבילדעטע וועלט האט גענומען אנטהייל אין איהם. דער יומטוב איז געווען אין פארלאמענט. פראפ' וואלדייער האט דערלאנגט דעם יובילאר אלס מתנה פון דייטשלאנד 50,000 מארק צו פערגרעסערען די ווירכאשטיפטונג, און דער מיניסטער שטודט האט פארגעלייענט א בריעף צו איהם פון קייזער.

ווירכאוו איז בעריה נישט נור אלס מעדיצינער, נאר אויך אלס פאליטישער עסקן, וועלכען „גבהויט" און „ברידערליכקייט" איז נישט קיין פוסטעס ווארט צו פוצען זיך דערמיט, נאר א לעבענסאידעאל, פאר וועלכעם ער קעמפפט מיט אלע קרעפטען. ווי אלגרויסע געלערנטע און איידעלע מענשען איז ער א יודענפריינד און ביי יעדער געלעגענהייט האט ער געשיצט די יודען אין פארלאמענט.

אין דעם בעריהמטען לאבאראטאריום פון ווירכאוו זענען שטענדיג פריינדשאפטליך אויפגענומען געווען יודישע דאקטורים. דער יוד דר. סאמועל איז א לאנגע צייט געווען זיין אסיסטענט. אין פארלאמענט האט ער געפיהרט

איין אפענע מלחמה מיט די אנטיסעמיטען, וועגען דער שחיטה האט ער געגעבען זיין מיינונג, אז זי איז דער בעסטער און אם וועניגסטענס פיינליכער מיטעל צו טוידטען.

בעת אין 1898 האט זיך אין מאסקווא פערזאמעלט דער וועלט־קאנגרעס פאר דאקטורים און וועגען די רוסישע געזעצען האבען די יודישע דאקטורים פון דייטשלאנד נישט געקאנט קומען קיין מאסקווא, האט ווירכאוו אויפמערקזאם געמאכט דערויף די דייטשע רעגיערונג און זיך געוואלט אבזאגען פון זיין אנטהייל אין דעם קאנגרעס, אויב דער איסור פאר די יודישע דאקטורים וועט נישט ווערען אראבגענומען. דאן האבען די יודישע דאקטורים פון אלע לענדער בעקומען די ערלויבניש צו זיין אין מאסקווא בשעת דעם קאנגרעס.

---

## דער הערבסט־קלאנג.

וואס הודזשען די געלע,
די וועלקענדע בלעטער,
ווען ספרומט זיך פונאנדער
דער שטורמישער וועטער?

וואס קרעכצט דארט דער אומעט,
וואס יאמערט דער שמערץ,
וואס ענטפערט אין אבקלאנג
ניי קרענקליך מיין הערץ?

אך, לאנג וועט דער שטורעם,
דער בייזער, ניט ברומען!
דער הערבסט וועט אוועקגעהן,
דער פריהלינג וועט קומען

מיט לעבען, מיט נייעס,
מיט שטראהלען און קראפט,
מיט פארבען, מיט גרינע,
מיט ריחות און זאפט.

עס הודזשען די קראנקע,
די פאלענדע בלעטער:
מיר, אבער, מיר וועלען
ניט אבלעבען שפעטער!

עס קרעכצט דארט דער אומעט,
עס יאמערט דער שמערץ,
עס ענטפערט אין אבקלאנג
ניי קרענקליך מיין הערץ...

א. וואלט.

---

## די זומערפויגעל.

א מעשה פאר גרויסע און קליינע קינדער.

VII.

אויף א גרויס נאקעט פעלד, ווייט פון מענשענס אויגען, האבען זיי צונויפגעקליבען עטליכע טויזענד שטארכען, אלע די דאזיגע, וואס האבען געהאט בכוון זיך אומצוקערען אין זייער ווארים לאנד. עס האט געבלאזען א קאלטער ווינד, נאר דער הימעל איז געוועזען ריין און די זון האט געשיינט און א ביסיל צוגעווארעמט. אלע שטארכען, ווארטענדיג ביז דער עלטסטער וועט קומען, האבען זיך געדרעהט אהין און אהער אויפ'ן פעלד, צייטענווייז גראבענדיג די ערד מיט די שנאבלען, צו געפינען דערווייל עטוואס צו עסען. ביי אלע איז געוועזען שטארק יום־טוב'דיג אויף דעם הארצען. אלע האבען ערווארטעט נאר אזוינס וואס ווי־האבען נאך קיין מאל נישט געזעהען. נאר אט איז דער עלטעסטער, דאס הייסט דער פיהרער, אליין געקומען.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבען די גרויסע פּריוואונג. אַ גאַנצען טאָג איז מען געפלויגען איבער וועלדער, איבער בערג און טהאָלען ווייט און הויך צו זעהען אויב אַלע זענען אים שטאַנד אונטערצונעמעהן אַזאַ ווייטען און שווערען וועג. אונזערע יונגע שטאָרכען האָבען זיך אויסגעצייכענט, אַז דער עלטסטער אַליין האָט גאָר פון זיי אָנגעקוועלט און ד'אָט צוויי מאָל אויסגעשריען: „זעהר גוט, זעהר גוט! מיט אַזעלכע ווי איהר קען מען זיך לאָזען אין עק וועלט". דער מוטער איז שיער דאָס האַרץ נישט אַרויסגעשפּרונגען פאַר פרייד. און פּלוצלינג האָט זי זיך דערמאהנט אין איהרע צוויי קינדערליך וואָס זי האָט פערלאָרען, און צו איהרע פרייד און שטאָלץ האָט זיך צוגעמישט אַ ביטערער וועהטאָג.

---

אין עטליכע טעג אַרום, גאַנץ פריה, האָבען זיך די אַלע שטאָרכען צונויפגענומען אויף דעם אייגענעם אָרט. דאָס איז געוועזען דער טאָג וואָס מע האָט אויף איהם אַזוי לאַנג געוואַרט, דער גרויסער טאָג פון אַוועקפליהען און זייער וואַרים לאַנד. אין דרויסען האָט געבלאָזען אַ קאַלטער און אַ שטאַרקער מִזְרח־ווינד; גרויסע גרויע, גלייך ווי בלייענע שווערע וואָלקענס זענען געהאָנגען גאָר נידריג איבער דער ערד. עס האָט גענאַסען אַ דריבנער אָבער אַ געדיכטער און אַ קאַלטער רעגען וואָס קריכט אין די ביינער אַריין. דאָס פעלד איז געוועזען בעדעקט אַזוי ווי מיט שפּילקעס איינגעשטעקט אין דער ערד, מיט די שפּיצען אַרויף. דאָס זענען געוועזען די פערדאַרטע וואָרצלען פון די שטרוי, וואָס בלייבען איבער נאָך דעם אַראָבנעהמען די תבואות. נישט ווייט איז געשטאַנען אַ גרויסער דעמבענער וואַלד מיט הויכע גראָבע בוימער. די נאָך איבערגעבליבענע בלעטער זענען געוועזען אויף זיי שוין שטאַרק פערגעלט, און אַז דער ווינד האָט אַ שטאַרקען בלאָז געטהון, האָבען זיי זיך באַלד אבגעריסען, צופליִנען זיך אין אַלע זייטען און דערנאָך אַראָבגעפאַלען אויף דער קאַלטער נאַסער ערד; און די אַלטע בוימער, אָבגעריסען, אָבגעשליסען, האַלב נאַקעט, האָבען שטאַרק געיאָכצט און געקרעכצט ציטערענדיג געביך פאַר קעלט און געשאָקעלט מיט די קעפּ שטאַרק מרה־שחורה'דיג. די קליינע פויגעליך, געביך, תמיד אַזוי פרעהליך, אַזוי לעבעדיג, זענען איצט אַרומגעפלויגען ווי שטאַרק דערשראָקען, פערנעצט, פערפראָרען. אַ טהייל פון זיי זענען געשטאַנען אויף די צווייגליך ציטערענדיג מיט דעם גאַנצען לייב, אַלע מאָל אויסגעדרעהט די קעפּעליך אין אַלע זייטען. דאָס וואַסער האָט זיי געראָנען פון די פליגעליך, דער ווינד האָט זיי שטאַרק געוויגט און זיי שטעהען זיך איינגעהויקערט און פּיפּסען אַזוי טרויערדיג, אַזוי אומעטיג, אַז ס'איז אַ נאָט'ס רחמנות. אַרום און אַרום די פעלדער זענען נאַקעט, שוואַרץ, וויסט. דאָרט העט ווייט אַזוי ווי דורך אַ רויך זעהט מען עפּיס שטעהען. דאָס שטעהט אַ חורבה פון איין אַלטען שלאָס אויף דעם שפּיץ פעלזען פון אַ הויכען הינעל, וואָס איז אין גאַנצען פערוואַקסען מיט וואַלד. ווי שטרענג און שרעקליך קוקען די קייליכדיגע הויכע שוואַרץ געוואָרענע טורעמס פון דעם שלאָס מיט די לאַנגע שמאָהלע שוואַרצע לעכער אַנשטאַט פענסטער. עס שיינט ווי גלייך באַלד שפּרינגען פון דאָרט אַרויס די פּרוצים אויף הויכע פערד, פערקאָוועט אין שטאָל פון קאָפּ ביז פיס, מיט שווערע שווערטען ביי דער זייט מיט לאַנגע שפּיזען אין די הענד — און מאַכען אַ תל עולם פון אַלעמען אַרום און אַרום. אָט פליהט עפּיס שטאַרק איבער'ן פעלד, גלייך ווי איינער יאָגט זיך נאָך דעם נאָך.

דאָס טראָגט דער ווינד שטיקער בוריאַן און אָבגעבראָכענע צווייגען און צוטרייבט זיי אין אַלע זייטען. אומעטיג און קאַלט איז אַרום און אַרום, עס פאַלט אַן אַ שרעקליכע מרה־שחורה. די גרויסע שטאָרכען געהען אַרום שפּאַנענדיג מיט די לאַנגע פיס אויף די שטעכעדיגע וואָרצלען פון די שטרוי, געהען אַרום פערטראַכט, נישט קוקענדיג איינער אויף דעם אַנדערען. נישט פרעהליך און שווער איז עס אויפ'ן האַרצען, עפּעס נישט אַזוי גרינג אַוועק צו־וואַרפען איין אָרט, וואו מ'האָט אָבגעלעבט אַזאַ צייט, געהאַט אייגענע נעסטען און אויסגעהאָדעוועט דאָרט קינדערליך, וואָס אַ טהייל פון זיי האָבען דאָ בעגאָסען די ערד מיט זייער בלוט, בעדעקט ז' מיט זייערע ביינדעליך. יעדע זאַך איז זיי געוואָרען פּלוצלינג אין דער מינוט אייגען און טהייער. אַזעלכע זאַכען, וואָס זיי האָבען פריִער אויף זיי נישט געוואָלט אַפילו זיך אומקוקען... אַ טהייל שטאָרכען האָבען שוין אָנגעהויבען קלערען, אַז עס וואָלט אפשר גאָר גליכער געוועזען דאָ צו בלייבען, פערגעסענדיג פּלוצלינג אַלטע איבערגעליטענע צרות און בזיונות. „ווייס איך וואו שלעפּען זיך אין אַזאַ קירה אַקעגען ווינטער, אַז דאָ האָבען מיר גרייטע נעסטען. נישט פויגלדיג געלעבט, נאָר פאָרט אָבגעלעבט אַ צייט". אַזוי האָבען אַ סך געקלערט, און זיי זענען געוועזען גרייט אין איין רגע מאַכען קאַליע אַלס וואָס זיי האָבען דערויף געאַרבעט דאָס גאַנצע לעבען. נאָר דאָ אַז פּלוצלינג אָנגעקומען דער פיהרער אַרומגערונגעלט מיט אַלע גרויסע שטאָרכען, און האָט געגעבען אַ געשריי מיט אַ דונערנדיג קול: „גייך, שטעלט אייך אויס!" דאָ האָבען אַלע פערגעסען זייערע געדאַנקען, און האָבען באַלד געטהון וואָס מ'האָט זיי געהייסען. „צונעהט די פליגלען!" האָט ער ווייטער געשריען. אַלע האָבען צונומען ד'פליגלען. „איצט הויך אין דער לופט, דורכשלאָגענדי'ג זיך דורך די שערע פינסטערע וואָלקענס גלייך, גלייך, אָהן שרעק, אָהן פחד — או לאָז גאָט בענטשען און בעגליקען אונזער וועג!" — און אַלע אין אינעם, גלייך ווי איין שטאָרך, האָבען צולאָזט די פליגלען און זיך אויפגעהויבען גלייך צו די וואָלקענס, דער ווינד האָט זיך געשטעלט גליי אַקעגען און האָט אָנגעהויבען בלאָזען מיט אַלע קרעפטען; די וואָלקענס האָבען אויף זיי פּלוצלינג אַרויסגעלאָזט אַ שלאַקס רעגען, ענאַיז געוואָרען אַ געדעכט פינסטערניס, איינער דעם אַנדערען האָט ניט געזעהען, נאָר דער פיהרער איז געפלויגען פריהער פאַר אַלע אָן פחד, אהן מורא, שרייענדיג כְּסֵדֶר: „העכער, העכער, קינדערליך! טאַרקט אייך, שטאַרקט אייך, גאָט וועט זיין מיט אונז!" און אַלע זענען איהם נאָכגעפלויגען, פאָכענדיג מיט אַלע קרעפטען מיט די פליגק.

אין עטליכע מינוט אַרום האָבען זיי מיט אַמאָל ערזעהן דעם ריינעם לויטערען הימעל — נאָך נישט הויך איז געשטאַן די זון און האָט געשיינט אַזוי פריינדליך, אַזוי ליעבליך, גלייך ווי וואָלט זיי צוגעשמייכעלט. אַלע האָבען אָנגעהויבען צו קנאַקען מ די שנאָבלען פאַר פרייד. פון דעסטוועגען האָבען זיי געוואָלט אַראָבקוקען דאָס לעצטע מאָל אויף זייערע נעסטען, נאָר די גאַנצע ערד אונטער זיי איז געוואָרען אַזוי ווי פערהאָנגען מיט אַ געדיכ'ן פאָרהאַנג פון נעבעל.

— אָט דאָ ערגיץ דאַרף זיין דאָס שטיבל, וואו אונזער נעסט איז געשטאַנען — זאָגט אונזער בעקאַנטע מוטער צו איהרע יונגע שטאָרכען. זי האָט זיך דערמאָהנט אין די צרות, וואָס זי האָט דאָ איבערגעטראָגען, און איהרע אומגליקליכע קינדערליך, ם זענען דאָ

אומגעקומען. איינער איז חאָטש אומגעקומען פאַר איהרע אויגען. אָבער יענער, וואו איז ער ערגיץ... און טרויעריג און שווער איז איהר געוואָרען אויפ'ן האַרץ.

— עס טהוט מיר שטאַרק באַנג, וואָס די שלעכטע גאַסעניונגליך זעהען אונז נישט, ווי מיר זענען אַזוי הויך און זעהען די ליכטיגע זון, דאָס וואָלט געווען אַ שענע נקמה! — האָט געזאָגט איינער פון די יונגע.

— ניין, ניין מיין קינד! — האָט געענטפערט דער פאָטער.— איצט לאָמיר בעסער פערגעסען אַלסדינג, וואָס די שלעכטע גאַסעניונגליך האָבען אונז געטהון. נידריג איז דער וואַכ לײדעט און בייגט אָן דעם קאָפ ווי אַ קנעכט פאַר דעם וואָס טרעט איהם און שענדעט איהם, מיינענדיג אַז מיט זיין קנעכטליכען בייגען און קריכען וועט ער בעסער מאַכען. אָבער באַלד אַז מיר זענען שוין אַרויס פון די הענד פון אונזערע שונאים און בעדרענגער, זענען מיר שוין שטאַרק, און דאַרפען אַלעמען מוחל זיין און מעהר ניט דענקען וועגען נקמה. די בעסטע נקמה איז דאָס, וואָס מיר זעהען זיי נישט — און הלואי מעהר זאָלען מיר זיי שוין טאַקי נישט בעדאַרפען צו זעהען!

— אָמן! — האָבען אַלע שטאָרכען אויסגעשריען אויף אַ הויך קול, און פול מיט שִׂמְחָה און מיט מוטה האָבען זיי זיך געלאָזט פליהען ווייטער, ווייטער. אַלָס פריהערדיגע האָבען זיי פערגעסען, דאָס גאַנצע האַרץ איז געוועזע פול מיט איין געדאַנק: „באַלד, וועלען מיר זיין ביי זיך, אין אחער הײם, און אונזער לאַנד; אויס שקצים, אויס שרעק, אויס בזיונת. ביי זיך, ביי זיך". און פון דעם געדאַנק איז זיי געוואָרען אַזוי זיס, אַזוי וואַרים אין אַלע אברים, און ביי די אַלטע שטאָרכען זענען פון פרייד געשטאַנען גרויסע געדיכטע טרעהרען אויף די אויסגעטרוקנעטע פערדאַרטע פנים'ער. און מיט זייערע אַלע כחות זענען זיי געפלויגען אַלס ווייטער, אַלס העכער.

גליקליכע רייזע אייך, ליעב, בראַווע שטאָרכען! — ווי גערן וואָלט איך אַוועק־געפלוינען מיט זייך!...

ב ן־ע מ י.

---

## „אַ זוּ".

(פאָרטזעצונג)

נור איין מאָל איז אַזוי געוואָהה:עוואָרען, אַז ס'איז פאַרהאַן נאָך אַ גרויסע וועלט, אויסער דער באָבעס ויז און אויסער דער קלויז מיט'ן חֶדֶר. דאָס איז געווען אים ל"ג בָעוֹמֶר. אַלע יונגליך פונ'ם חדר האָבען נאָך צוריק מיט עטליכע טעג געשמועס פון דעם יום־טוב; „מען וועט געהען אויפ'ן באַרג סִינַי, האָט אַזוי גערד־ט, מע נעמט זיך מיט אַלעם נוטס: געזאָטענע אייער, בייגיל... אפילו גּקסערן מיט קוואָס, און, וואָס דער עיקר איז — מע שיסט מיט בויגען מיט ביקסליך, איינער גלאַט אַזוי מיט שוועבעליך צווישען צוויי שטיינע און מע לויפט זיך אָן אויפ'ן גרינעם גראָז, מען שפּיעלט זיך, מען איז "יי אַ גאַנצען טאָג.

גדליה דראפ, דעם שוחט'ס אַ יוּנ׳ל, איינער פון די תלמידים, וואָס לערנען דאָ ביים מיליכינגען נאָך פון אַר יאָהרען — האָט אָבגעקרעכצט און געוואָרפען די חברה אין אַרְהַ־שְׁחוֹרָה: „וואָס קומט אַרויס פון באַרג־סיני, אַז דער רַבִּי וועט אוי געהען מיט אונז? אַז דער רבי איז דאָ איז מען ניט פריי, חאָטש וואָס יפ'ן באַרג סיני... אָט ווען גאָט העלפט ווי פאַר יאָהרען... די רַבְּ'צין יז קראַנק געלעגען, דער רבי האָט ניט געקענט אָבטרעטען פון איהר... מיר זענען אַליין געגאַנגען אויפ'ן באַרג סיני! אוי איז געוועהן פרעהליך!"

„וואָס שילטסטו די רבצין? האָלט איהם איינער פאָר: מען מעג דען?"

— „איך שילט זי דען? פערענטפערט זיך יענער: ס'מעג איהר גאָר ניט וועה טהון, נור פשוט אַזוי ליגען אין בעט, דער רבי זאָל ניט אָבטרעטען פון איהר".

„נו אַז מע ליגט אין בעט, איז מען דאָך קראַנק! טהוט דאָך וועה!" לאָזט איהם יענער ניט אָב.

„נו אַז מע געהט אָבער אויפ'ן באַרג סיני מיט'ן רבי'ן, איז ניט פרעהליך! איז מען ניט פריי!" פערטהיידיגט זיך גדליה.

און גאָט האָט די קינדערליך געהאָלפען, האָטש די ישועה איז געקומען ניט פון דער רבצין, נאָר פון אַ קראַנקען מלמד, וואָס איז געלעגען אין הֶקְדֵשׁ און האָט נאָך געהאַט אַפעטיט צום עסען; דער רבי מיט נאָך אַ מלמד האָבען אויסגעלעגט פון זיינעט וועגען אַ רובעל מיט אַכציג, און האָבען אָבגעלעגט אויף ל"ג בעומר דאָס אָבצומאַכען.

און ל"ג בעומר אין דער פריה, ווען אַלע קינדער זענען שוין געשטאַנען גרייט, די ביקסליך אָנגעלאָדען און דער פראוויאַנט פערבונדען אין די האַנדטיכליך—און האָבען געוואַרט דער רבי זאָל ריהרען— איז אַריינגעקומען יענער מלמד און האָט דערמאָנט דעם רבי'ן, אַז זיי דאַרפען היינט אָבמאַכען דאָס רובעל מיט אַכציג.

„אַז ניט היינט—ווען דען?" האָט יענער געטענה'ט.

דער רבי האָט אַרומגעזעהען זיין קליין פאָלק: „קינדער!" טהוט ער אַ זאָג און ווערט אַנטשווינען אויף אַ ווײלע, גלייך ער קען ביי זיך אַזוי לייכט ניט פועל'ן:

„איהר וועט זיך ניט שלאָגען אויפ'ן פעלד?"

„ניין, ניין! האָבען אַלע מייליכער אויסגעשריען, אַנשטויסענדיג זיך, מיט וואָס ס'וועט זיך ענדיגען.

„איהר וועט ניט אַרומלויפען, ווי פערשאַרטע שְׁקָצִים?"

„ניין!"

„און אַז איהר וועט זיין פערשוויצט, וועט איהר ניט טרינקען פון דעם קאַלטען ברונעם?"

„ניין, חלילה!" שרייט גדליה דראפ העכער פון אַלעמען.

„און אַז איהר וועט זעהען פון ווייטענס שקצים'ליך?"

„וועלען מיר אַנטלויפען!"

— „אַנטלויפען — גאָר ניט צולויפען זיך! איהר הערט? אַלע אין איינעם צוריק אַ היים! טאָ געהט־זשע אויפ'ן באַרג סיני אַליין; איך דאַרף אַוועקגעהען. און דו אַזוי ווּעסט אויך געהן?"

„יאָ", ענפערט אַזוי.

„צי ווּעסטו אפשר וואַרטען, ביז די דיענסט וועט קומען דיך אַהיים געהמען?"

„יאָ", ענפערט ער ווידער גלייכגילטיג.

„נו, איז נאָך בעסער. איהר זאָלט זיך פיהרען שטיל, קינדער, איהר הערט?"

„יאָ, יאָ, רבי, שטיל!" האָט גדליה גע'ערוב'ט; און באַלד דער רבי איז אַרויסגעגאַנגען, האָט דאָס יונגע פאָלק זיך געריהרט. —

אַזוי קום אויך מיט אונז! האָבען חברה זיך געווענדט צו איהם.

אַזוי'ן האָט זיך ניט געוואָלט געהען אַליין, ס'הייסט אָהן דער דיענסט אַזאַ ווייטען מַהֲלָך ווי אויפ'ן באַרג־סיני: ער געדענקט, אַז דאָרט

איז אַ רויך מיט פֿלאַקער... ניט ווייט איז דער יַם מיט טויטע דערטרונקענע מִצְרַיִם... מיט עֲמָלֵק׳ן — נאָר די קינדער האָבען געזאָגט — קום! און „ניט פֿאַלנען“ איז ניט געווען זיין טֶבע; ער איז ניט ווילענדיג אויך מיטגעגאַנגען. —

חברה זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון דער שטאָדט שטיל, געהאַלטען וואָרט. נאָר קוים זענען זיי אַרוים אויפֿ׳ן גראָז, האָט זיך גדליה ניט איינגעהאַלטען: ער איז אַוועקגעלאָפֿען פֿאָרוים אויף אַ היבשע שטרעקע, און אַלע ווײַלע זיך אומגעקעהרט צו דער חברה: „נו, גיכער! שרייט ער: וואָס קריכט איהר, ווי די מייזליך?“ ער וואָלט זיי אויפ׳ן אַקסעל אריבערטראָגען, און נור זיין ווי גיכער און וואָס ווייטער. —

חברה הויבען אָן אונטערלויפֿען. צושפּרונגען. אַזוי קען ניט נאָכהאַלטען. אַלע ווײַלע פֿאַלט ער... גדליה שרייט פֿון דער ווייטענס: „הויב דיך אויף, אַזײַלע!“ אַזוי פֿאַלגט, הויבט זיך אויף. ער שלעפּט זיך קוים אויף דעם באַרג. פֿון דאָרט האָט מען זיך געדאַרפֿט אַראָבלאָזען אין אַ טיעפֿען, ברייטען, גרינעם טאָהל, וואו רעכטס און לינקס האָבען זיך געשטערט שאָף, יונגע לעמעליך זענען פֿריי אַרומגעשפּרונגען און געשריען „מע!“... קינדער פֿון טהייל חדרים ליגען שוין גאַזענדיג און קוקען אין הימעל אַריין. טהייל עסען דעם פּראָוויאַנט, טהייל שפּרונגען אַרום, טראַכטען אויס נייע שפּיעלען. ווייט אַקעגען האָט זיך צולעגט אַהן צערעמאָניע אַ זילבערנער טייך גלייך קעגען הימעל. ער זעהט אויך אויס יום־טוב׳דיג: ער איז צופֿרידען מיט די געסט. אויף יענער זייט טייך פּונים אַקעגענדיגען באַרג, פֿון וואַלד האָט זיך געוויזען איין אַלעע פֿון צוויי שוּרוֹת געדיכטע, הויכע בוימער, וועלכע האָט באַלד געחאַפּט אין דער זייט אַריין, גלייך דער וואַלד וויל דיר ווייזען אַביסיל פֿון דעם וואָס ער פֿערמאָגט דאָרט בסוֹד, און ס׳איבעריגע חאַפּט ער צוריק, זאָלסט טאַקי ניט וויסען דערפֿון...

עס האָט אַ בלאָז געטהון מיט קיהלען, פֿרישען, עטוואָס פֿרייען...

חברה זענען געבליבען שטעהען אויף אַ ווײַלע. ס׳האָט ווי אָבגענומען ביי זיי דער לשון... אין די הערצליך האָט זיך עפּים אַ וואָרף געטהון... זיי האָבען דערפֿיהלט דאָס, וואָס ס׳פֿעהלט זיי געביך אַ גאַנץ קייליכיג יאָהר...

„איי!“ האָט גדליה דראָפּ אַרויסגעזאָגט.

„הא—אַ!“ האָט זיך ביי די איבעריגע אַרויסגעריסען.

זיי האָבען נור וואָס געוואָלט הויבען פּיסליך זיך אַראָבצולאָזען פֿון באַרג, האָט זיך אַזוי פּלוצלינג׳ צוויינט מיט אַ קוֹל, אַז ס׳איז שווער געווען צו דערקענען אין דעם אַ קוֹל פֿון אַ קינד.

„וואָס איז אַזוי?“ האָבען זיי זיך אַלע אַ וואָרף געטהון צו איהם.

„כּי האַי מורא!“ חליפּעט ער.

„פֿאַר וואָס?! פֿאַר וועמען?!“

„כּי האַי מוֹרא... כּ׳זאָל ניט אַריינפֿאַלען... אין טייך אַריין!“

„דו נאַר, האָבען חברה אויסגעשאָסען אַ געלעכטער: ווי קומסטו נאָך צום טייך? ער איז נאָך גענוג ווייט! אפילו גדליה דראָפּ זאָל וואַרפֿען פֿון דאָנען אַ שטיינדיל, וואָלט ער נאָך ניט געטראָפֿען צום טייך!

„אָט איז ער דאָך—דער טייך!“ ענפֿערט ער דערשראָקען.

איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז פֿון דעם באַרג אַראָב דאַרף מען זיך גלייך אַריינקייקלען אין טייך אַריין.

קינדער האָבען איהם אָנגעהויבען אויסרעדען, געבען צו פֿערשטעהען, אַז מען פֿאַלט ניט אַריין. איינער איז אַוועקגעלאָפֿען פֿאָרויס, און זיך אומגעקעהרט, כּדי צו דערווייזען דעם איינגעשראָקענעם הוים־קינד, אַז מען פֿאַלט ניט אַריין. מ׳האָט איהם איינגעבעטען, ער האָט געמאַכט נאָך עטליכע ציטעריגע טריט. די קינדער האָבען איהם געמוזט פֿיהרען ביי די הענד, ווייל באַרג אַראָב איז ער אויף זיין לעבען נאָך ניט געגאַנגען. אויף יעדען טריט איז ער שיער ניט געפֿאַלען.

נאָר אַזוי הויבט אויף די אויגען און דערזעהט דעם וואַלד אַקעגען זיך.

„וואָס איז אָט יענס?“ פֿרעגט ער האַלב וויינענדיג.

„ס׳אַ וואַלד, נאַריניו!“

„אַ וואַלד!“ שפּאַנט ער אויס די אייגליך אויף די קינדער און הויבט אָן וויי־נען.

„וואָס וויינסטו? נאַרעלע! לענען זיך די קינדער אַוועק: ס׳איז דאָך אַ וואַלד, אַ גרינער וואַלד, וואו פֿייגעליך שעפּטשען אַזוי שען, און ס׳איז גרין... און ס׳איז מחיה׳דיג!“...

„ניין, שפּאַרט ער זיי: ס׳זענען דאָ פֿאַראַן חיות רעות... מיט לייבען... מיט שליינג... מיט ווילעלטיהרען... מיט פֿרעש“...

חברה זעהען — זיי וועלען מיט איהם גאָר ניט מאַכען. ער נעמט נור אומזיסט צו די צייט. און צייט איז דאָ אַזוי טייער! אַזוי טייער! אַ קלייניגקייט—איין טאָג — אַ גאַנץ יאָהר! אַ גאַנץ קייליכיג יאָהר! ווען נאָך, אַז ניט היינט? שבת דאַרף מען געהען לערנען פּרק... ווינטערינע שַׁבָּתִים—בָּרְכִי נַפְשִׁי זאָגען... יָמִים־טוֹבִים לאָזט דער טאַטע ניט אָב פּוּנים אויג... ווע נאָך, אַז ניט ל״ג בעומר?“

„ווּעסט אַהיימגעהען, אַזוי?“ מאַכט גדליה דראָפּ מיט אַמאָל אַ סוֹף פֿון דער זאַך.

„יאָ“, חליפּעט אַ.

גדליה רעדט אָן איינעם פֿון דער חברה, ער זאָל איהם אונטערפֿיהרען: „מיר וועלען אַ וואַרטען אויף דיר, נאָר זאָלסט זיך ניט פֿערזאַמען!“ זאָגט ער איהם אָן.

דער שליח וואַרפֿט אַראָב די שטיוועליך פֿון די פֿים, כּדי ער זאָל צוריק ווענס קענען גיך קומען צולויפֿען; ער פֿיהרט אַזיין צוריק איבער דעם באַרג צאָב, פֿיהרט איהם אַרוים אויפ׳ן וועג. „אַ יאַ, אַזוי, האָסט שוין ניט מוֹא?“ פֿרעגט ער איהם: „אַ יאַ, איך זאָל מיר שוין אומקעהרען, און דו׳וועסט שוין געהען גלייך מיט דעם וועג. גלייך — גלייך ביז צום חדר!“

„יאָ“, ענפֿעט ער ציטערנדיג, און וואַגט ניט אָבצוּווענדען דעם חבר. —

דער שליח׳איז באַלד נֶעְלָם געוואָרען, ווי פֿון שטייגיל אַ פֿייגעלע אין וואַלד אַ׳ין.

אַזוי האָטיך געלאָזט געהען אויפ׳ן וועג וואו דער חבר האָט איהם געהייסיער פֿיהלט׳ זיך דאָס ערשטע מאָל אין לעבען איינער אַליין אונטער אַ ברייטען, ווייטען הימעל, אויף אַ ברייטען, לעדיגען פּלאַטץ. ער, ז׳, אַזאַ פּיצעלע, פּינינקעלע — אויף אַזאַ גרויסער ערד! עם לויפֿט איז איבער אַ שרעק איבערן לייב. ער קאָרטשעט זיך איין. נאָר ער הויבי פֿאַרזיכטיג די דיגע, דאַרע פּיסליך, די הענד אַ ביסיל אַוועקגעשפּאַן בויגען־אַרטיג פּונים גוּף, גלייך ער געהט אויף איין אויסגעצויגענעם שטריק. ער הויבט אויף די אויגען און דערזעהט פֿון דער ווייטענס עם מיני מענשען געהען... אַזוי בלייבט שטעהען ניט טויט ניט לעבעדיג: דאָרט איז דער באַרג סיני, פֿאַלט ער אַריין אין אַ מורא,

איז דאָך דאָ ניט ווייט דער מִדְבָּר... מיט מִצְרַיִם... קענען די מענשען זיין מְדִינִים מיט יִשְׁמְעֵאלִים... וואָס קויפען קינדער!

ער וויל אַנטלויפען, נאר פון זינט ער האָט געוואָלט ביז זיינע פיסליך האָבען געפּאָלגט און גערירהרט זיך צום לויפען—זענען די מדינים נעהנטער געקומען. טאַקי ממש נעבען איהם...

דאָס זענען געווען ניט קיין מדינים, ניט קיין ישמעאלים, נאר פויערן פון דער שטאָדט. צווישען זיי איז געווען די גוי'ה וואָס מעלקט ביי דער באָבע'ן די קוה. זי האָט איהם דערקענט, און האַלב אויף יודיש האַלב אויף גוייש, זוויל זי איהם נעהמען צו זיך; נאר ער צולעגט זיך אויף דער ערד און שרייט: „באָבע!“ ניט מיט זיין קול.—

די גוי'ה האָט זיך איבערגע'צֶלֶם'ט, גענומען איהם אויף די הענד און אַהיימגעטראָגען. —

די באָבע האָט זיך געוואָלט דערהרג'נען: דאָס קינד האָט זיך אי צוגעקיהלט, אי זיך דערשראָקען!“ זי האָט באַלד דאָס העלדזיל ארומגעלעגט מיט „נאַרטשיצע מיט חֵלֶב“, דאָס קעפּיל מיט אַ פּייכטען האַנדטוך אָנגעצויגען, און געשיקט רופען די מומחיטע זאָל איהם אָבשפּרעכען און וואַקס אויסגיסען.

און וואָס פאַר אַ משונה'דיגע צורות ס'זענען אַרויס אויף דעם אויסגאָס! רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! ניט צו דערקענען צי אַ רוח, צי אַ מענש, צי עפּיס וואָס! אַזוי איז אַלעס אין איינעם אויסגעמישט! נור איין אַזי וואָלט אפשר דערקאַנט אַ קאָפּ פון אַ מדיני, מיט אַ קאַפּיטע פון אַ וויזעלטיהר מיט פרעש... מיט אַ וואַלד, אַ בארג, אַ טייך!

אַזי איז געלעגען צו בעט עטליכע טעג. דער רבי האָט געהאַט אַ שוואַרצען סוף: „ווי לאָזט מען אַזאַ קינד אויף הֶפְקֵר אַליין גערהען אויפ'ן בּאַרג סיני?“ — האָט די באָבע געטענה'ט און האָט איהם נור דעם באָרד געוואָלט אויסרייסען.

„איהר גלייכט איהם צו יענע אַנדערע קינדער? איז אויף איהם די מוהמע רבקה אָנגעפאַלען: יענע זענען געזונטע שקצים, און דאָס איז אַ רוחני!“

„אַזאַ איידעלע זאַך!“ וויינט אונטער די מוטער. —

„ט'האסטו זי מיט איהר! פאַלט אויף איהר אַרויף טאַקי די זעלבע מוהמע רבקה: נו און אַז ניט אזא איידעלע זאך, משמע מעג מען זיך שוין אַזוי בעגעהען מיט אַ קינד! איהר האָט גאָר קיין מורא ניט! ווען ס'אויף מיר, וואָלט איהר געגאַנגען 'סאמביר'!“

דער רבי האָט זיך שטאַרק פערענטפערט, צוגעזאָגט אויף ווייטער, און געשוואָרען זיך, אַז ער האָט שוין יענע 'קינדער, געזונטע שקצים' גוט מְקַיֵּם־פסק געווען, און מ'האָט איהם קוים־קוים געשענקט דעם „סאמביר“. דאָך האָט אָזי אַזוי גיך נאָך ניט געקענט ווידער אָנהויבען געהן אין חדר. עס האָט זיך ביי איהם אַלץ געעפענט און פערמאַכט אַ נייע וואונד אויף די קניכליך און אויף די עלענבויגענס פון דעם, וואָס ער איז אין יענעם טאָג נאָך אַנאַנד געפאַלען און צושלאָגען זיך אַלץ אויף איין אַנדער אָרט.

„אָט האסטו דיר פון'ם באַרג סיני!“ ברומט אַלץ די באָבע.

(ענדע קומט)

יהודה שטיינבערג.

---

# איבער דער גרויסער וועלט.

**די אַמעריקאַנישע פּינקטליכקייט.**—די אמעריקאַנישע צייטונגען זענען שוין פון לאַנג בעריהמט מיט זייער גיכקייט צו בעקומען און פערברייטען וועלטליכע נייעס. איצט בעשרייבט איין ענגלענדער, וואָס איז געווען אין ניי־יאָרק דעם 6-טען סעפּטעמבער ווי אין פערלויף פון איין שעה האָט שוין גאַנץ ניוארק געוואוסט אַלעס, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דעם פּרעזידענט מאַק־קינליי. אין דעמזעלבען טאָג—שרייבט דער ענגלענדער — בין איך געווען אין אַ רעדאַקציע פון איינע פון די וויכטיגסטע צייטונגען אין ניי־יאָרק. זייגער 4 מיט 29 מינוטען האָט פּלוצלינג געקלונגען ביים טעלעפאָן. דער הויפּטרעדאַקטאָר, וועלכער האָט גראד דאַן געשריבען אַ בריעף, איז באַלד צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן:

— האַלאָלי!

— האַלאָלי! אויף דעם פּרעזידענט מאַק־קינליי האָט מען 2 מאָל געשאָסען. די פערוואונדונג איזט שטערבליך.

— ווער רעדט?

— די צייטונגס־געזעלשאַפט!

— זאָגט מיר אַלעס בפרטות.

— קיין נעגויערע ידיעות האָבען מיר נישט.

— דאַנקע.

דער רעדאַקטאָר איז גלייך צוגעלאָפען צו דער טובע (אַ רעהר זיך אויפצורעדען מיט דער דרוקעריי).

— מען זאָל באַלד פאַרבערייטען איין עקסטרא בלאַט. קלויבט אויס די גרעסטע אותיות, דרוקען מיט רויטער פאַרב דעם ווייטערדיגען טעקסט: „דער פּרעזידענט, בעזוהענדיג די אויסשטעלונג אין בופאַלא, האָט בעקומען 2 מאָל געשאָסען. די פערוואונדונגען זענען שטערבליכע“. אין 7 מינוט שפּעטער זענען שוין הערוים אין די גאַסען 200 צייטונגסטרעגער מיט פעקליך פון דעם עקסטרא בלאַט אונטער די אָרעמס. ביז דאָס איז פאַרטיג געוואָרען האָט דערווייל דער הויפּטרעדאַקטאָר פונאַנדערגעשיקט 2 קוריערען (משרתים) אויפזוכען אַ צווייטען רעדאַקטאָר פון דעם בלאַט און דעם הערויסגעבער. דער צווייטער רעדאַקטאָר, וואָס איז דאַן געווען נאָהענט פון רעדאַקציע ביי אַ פריזירער, איז תיכף אריינגעלאָפען איין האַלבע באָרד אָבגענאַלטע, און די צווייטע נור אָנגעזייפט. דער הערויסגעבער איז געווען אין קלוב און דאָך איז ער ביז אין 6 מינוט שוין געקומען צולויפען אין רעדאַקציע. ניט רעדענדיג מיט קיינעם אַ וואָרט, איז ער גלייך צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן:

— איך בעט צו פערבינדען מיין דראָהט מיט איינער פון די רעדאַקציעס אין בופאַלא.

— פאַרטיג.

— איך צאָהל 100 דאָלאַר פאַר יעדע מינוט און איך בעט מיר צו געבען גענויערע ידיעות, אַלץ וואָס איהר ווייסט וועגען דעם צופאַל מיט'ן פּרעזידענט.

גלייך האָט ער בעקומען אַנטוואָרט:

— אויף מאַק־קינליי איז מען בעפאַלען אין דער מוזיק האַלע א. ז. וו. מיט 12 מינוט שפּעטער, דאָס הייסט 4 אַזייגער מיט 48 מינוטען האָט זיך שוין בעוויזען אַ **צווייטעם** עקסטרא בלאַט, אין וועלכען עס זענען שוין געווען בעשריעבען איינינע פּרטים פון דעם בעפאַל אויף דעם פּרעזידענט, זיין פּאָרטרעט און דער פּלאַן פון דער גאַנצער אויסשטעלונג אין בופאַלא.

אונטערדעסען איז דער הערויסגעבער ווידער צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און האָט געבעטען, מען זאָל איהם ברייגגען אין פערבינדונג מיט דער דירעקציאָן פון דער באַהן.

— צי קענט איהר מיר נישט געבען איין עקסטרא צוג קיין בופאַלא?

— אויף ווען?

— באַלד.

— פאַרטיג.

מיט 25 מינוט שפּעטער איז שוין געלאָפען פענדאָס איין עקסטרא צוג, וועלכער האָט מיטגעפיהרט 2 פאָטאָגראַפען, 2 צייכנער און 5 רע־

דאָקטאָרען פֿון דער צייטונג. איינער פֿון די רעדאַקטאָרען האָט פֿון איילעניש אפילו דעם ראָק נישט אָנגעטהון און איז געפֿאָהרען בלויז אין דער וועסט.

דערווייל זענען שוין הערויס פֿרישע עקסטרא בלעטער נו׳ 3 און נו׳ 4, אין וועלכע עס האָבען זיך שוין געפֿונען גענויע ידיעות פֿון דעם צופֿאַל, פּאָרטרעטען, גשפּרעכען און מיינונגען פֿון סענאַטאָרען, פּאָליטיקער און פֿון די גרעסטע חירורגען, איינדריקע פֿון פּובליקום. 15 פּראָטעסט בריעף, וועלכע זענען געוועזען אָנגעשריעבען פֿון הונדערטער מענשען, 300 קאָנדאָלענץ דעפּעשען, אויך די ביאָגראַפֿיע פֿון דעם וויצע-פּרעזידענט ראָזאוועלט וכדומה. און דאָס אַלעס איז געשעהן אין א משך פֿון 60 מינוטען?

צו בעוואונדערן איז — זאָגט דער ענגלענדער — דאָס אַלעס האָבען די מענשען געטהון מיט קאַלטעם בלוט, נישט אויפֿגערעגט נאָר סיסטעמאַטיש ווי איין גוט גערעגעלטע מאַשינע. —

---

ד ע ר פֿ א נ א ג ר א ף  אַ ל ס  ה י ל פֿ ס-אַ פּ אַ ר אַ ט  א י ן  ד ע ר  מ ע ד י צ י ן. — כמעט ביי דאָס רוב קראַנקהייטען מוז דער דאָקטאָר אויסהערען און אויסקלאַפּען געוויסע טהיילען פֿון דעם קראַנקענס קערפּער, כדי דורך דעם אָבקלאַנג, וואָס הערט זיך פֿון אינעווייניג, צו דערקענען די קראַנקהייט אָדער אין וועלכער מדרגה זי איז (צום ביישפּיל ביי לונגען קראַנקהייטען איז דער עיקר צו הערען, אויב די לונגען חריפּען ביים הוסטען, ביים ציהען דען אָטהעם און ווי שטאַרק וכדומה). זעהר אָפֿט טרעפֿט אַז דעם דאָקטאָר איז נייטהיג צו וויסען, ווי האָט זיך געהערט די שטימע, דאָס הוסטען ביים אָנהויב פֿון דער קראַנקהייט אין פֿערגלייך מיט דער שטימע און אָבקלאַנג אין מיטען דער קראַנקהייט, כדי צו וויסען אויב די קראַנקהייט ווערט שטאַרקער אָדער פֿערקעהרט — עס נעהט צו בעסער. דאָס איז אָבער דעם דאָקטאָר זעהר שווער צו געדענקען פֿון איינמאָל ביז צום צווייטען. בעשרייבען אַזעלכע זאַכען לזכרון קען מען אויך נישט. דערום האָט מען איצט אָנגעהויבען זיך צו בעהעלפֿען דערצו מיט'ן פֿאָנאָגראַף. מען האָט צוגעריכט דעם פֿאָנאָגראַף, אַז ער זאָל קענען אויפֿנעהמען יעדען אָבקלאַנג, יעדען קול, וואָס הערט זיך פֿון אינעווייניג, בשעת דער דאָקטאָר הערט אויס און קלאַפּט אויס דעם קראַנקען, אויך זיין שטימע, זיין הוסטען א. ד. ג. און דאָס בלייבט אין פֿאָנאָגראַף. נאָכהער אַז דער דאָקטאָר אונטערזוכט דעם קראַנקען צום צווייטען, צום דריטען מאָל א. ז. וו. נעהמט מען די פֿאָנאָגראַפֿען פֿון די פֿריהערדיגע אינטערזוכונגען און מען הערט דעם חילוק אין די שטימען פֿון פֿריהער ביז שפּעטער, קען שוין דער דאָקטאָר גרינג און ריכטיג אונטערשיידען, אויב די קראַנקהייט נעהט צו ערגער אָדער צו בעסער. —

---

## ליטעראַרישע נייעס.

דעם 25-טען אלול איז געפֿייערט געוואָרען אין ווין דער 50-יאָהריגער געבורטסטאָג פֿון אונזער בעוואוסטען שריפֿטשטעלער ראובן א. בראָדעס. זיין שריפֿטשטעלערישע אַרבייט האָט זיך אָנגעהויבען אין דער צייט פֿון השכלה. אין יענער צייט איז בראָדעס געוועזען איינער פֿון די ערשטע, וואָס האָבען געשטריטען פֿאַר ליכט און בילדונג. ער האָט דאַן פֿערעפֿענטליכט פֿיעל וויסענשאַפֿטליכע און פּובליציסטישע אַרטיקלען אין „הלבנון“, „המליץ“ און „הכרמל“. פֿון פּובליציסטישע און וויסענשאַפֿטליכע אַרבייטען איז בראָדעס אַריבער צו דער שענער ליטעראַטור. אין זיין ערשטער ערצעהלונג, וואָס איז געוועזען געדרוקט אין „השחר“ זעהט מען שוין אַרויס דעם צוקונפֿטיגען טאַלאַנט. קונה־שם געוועזען האָט זיך בראָדעס אין דער העברעאישער ליטעראַטור מיט זיינע שענע צוויי ראָמאַנען: „הדת והחיים“ און „שתי הקצוות“.

ראובן בראָדעס איז אויך בעוואוסט אַלס גרינדער און הערויסגעבער פֿון צייטונגען. אין די 70-ער יאָהרען האָט ער צוזאַמען מיט גאָטלאָבער אַרויסגעגעבען דעם זשורנאַל „הבוקר אור“ און דערנאָך האָט ער אַרויסגעגעבען דעם זשורנאַל „היהדות“ און „הזמן“. די ציוניסטישע בעוועגונג האָט אין איהם אויפֿגעוועקט נייע קרעפֿטען. די לעצטע יאָהרען האָט ער זיך פֿיעל אָבגעגעבען מיט דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדא. צו דעמזעלבען צוועק האָט ער אויך אַרויסגעגעבען אין גאַליציען ציוניסטישע זשאַרנאַלישע צייטונגען: „הכרמל“, „דער וועקער“, „יודישעס וואָכענבלאַט“. די לעצטע צייט האָט ער רעדיגירט די זשאַרנאַלישע „וועלט“. בראָדעס איז אויך איין מיטאַרבייטער פֿון אונזער „יוד“.

---





Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Red. M. Berkowicz — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

---



---



---



---